הינדה לוי־ליסנער

# אין פייער און רויך

ארויסגעגעבן דורך א גרופע פריינט
תשכ״ז 1966

א יישר־כוח און א ברכה די אלע פריינט וואס האבן געטאן „חסד של אמת״ פאר די וועלכע האבן נישט זוכה געווען צו זיין מיט אונדז אין אונדזער אויסגעבענקטער היים ישראל, און צו זייער אייביקער אנדענקונג פינאנסירט דאס בוך. זאל דאס בוך זיין א מצבה פאר די אומגעקומענע פון אונדזער פאלק; און פאר די לעבן־געבליבענע א געדענקעניש ביזן סוף פון אלע דורות. זכור!

הינדע לווי־ליסנער.

דאָס דאָזיקע בוך נאָך זייענדיק אין מאַנוסקריפּט האָט אין יאָר 1956 געקראָגן די „רבקה פּאַט פּרעמיע" פון „אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס". די פּרעמיע איז געגעבן געוואָרן פאַר דעם בעסטן מאַנוסקריפּט געווידמעט דעם אָנדענק פון די יידישע קינדער, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן אויסגעמאָרדעט.

ד"ר עמנואל פּאַט.

# 1. דער ערשטער שניט

אין יאָר 1940 זענען מיר געוואָרן געטריבן אין געטאָ אריין. דער ווינטער איז אַ שווערער ביז גאָר. שארפע פרעסט האלטן אָן וואָכנלאנג. נישטא מיט וואָס צו הייצן, נישטאָ פאר די קינדער קיין ווארעם אָנגעטועכץ, נישטאָ קיין דערנערונג. נאקעטע זענען מיר אנטלאָפן פון די היימען מיט נאקעטע קינדער אויף הענט. מיר האָבן נישט באוויזן מיטצונעמען גאָרנישט, גאָרנישט. 5 מינוט האָט מען געגעבן צייט צו פארלאָזן די שטובן, האָט מען געכאפט די קינדער און געלאָפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן. ווען מיר זענען געקומען אין געטאָ, זענען מיר אריין אין האָלצערנע שטובלעך, ווו ס'האָט אריינגערעגנט און דער ווינט האָט געבלאָזן פון אלע זייטן. די גוטע שטובן זענען שוין פון לאנג געווען פאראנאנדערגעטיילט פאר אָרנטלעכע פירער פון בייראט. (די מיטמענטשן פון פרעזעס). שטארק ביטער איז געווען דער מאמען, וועלכע האָט געהאט א קליין קינד.

איין ציג איז דאָ אין געטאָ; אויף איר ביסל מילך לויערן הונדערטער מאמעס — איך צווישן זיי. איך האָב שוין נישט קיין געלט צו קויפן דאָס ביסל מילך אויך, אויב אפילו איך וויל מיך דערשלאָגן דערצו. איך גיב אוועק מיין קידושין־פינגערל, מיין לעצט קלייד, אָבער ווער קען זיך צושטופן נענטער צו דער ציג ווו מ'מעלקט זי דאָרט? איך בין נישט די איינציקע וואָס האָב פארזעצט מיין קלייד — ס'האָבן עס געטון פיל, פיל מאמעס. אנדערע האָבן פארזעצט זייגערלעך, שטאָפן, נייע שיך — וואָס איינער האָט געהאט. יעדער שטויסט זיך מיטן טעפל נענטער, נענטער־צו. דער סוף איז, אז פונעם שטופן ווערט די מילך אויסגעגאָסן, און אלע גייען אהיים מיט ליידיקע טעפלעך.

מיין קינד איז געוואָרן וואָס אמאָל שוואכער. „מיט צוקער־וואסער וועסטו דאָס קינד נישט דערהאַלטןביים לעבן" — אזוי זאָגט דער דאָקטאָר, — „פון ווינט וועסטו קיין הויז נישט בויען. צו בויען א הויז מוז מען האָבן מאטער־יאַל. אַ קינד זאָל קענען לעבן, מוז עס האָבן דערנערונג". ער האָט מיר נישט געקוקט אפילו אין די אויגן און איז אוועק. מיין קינד, דעם לעצטן אָוונט בין איך צו צו זיין בעטעלע, זיין יונג גופ׳לע האָט געשמעקט מיט יונגן האָניג. די אויגעלעך, די בלוי׳נקע האָבן געקוקט אויף מיר אזוי גוט אזוי שטיל; זיי האָבן מיך אָנגעקוקט דאָס לעצטע מאָל.... דאָס קינד האָט אויפגעהערט צו טרינקען פאר שוואכקייט, די בלויע אויגעלעך האָבן זיך פארמאכט אין טיפן, שוין אייביקן שלאָף. איך בין ארויס פון מיין הויז דאָלנע 8, כ׳האָב געהאקט מיין קאָפ אין וואנט. „מענטשן, שניידט אויס מיין הארץ און זעצט עס אריין מיין קינד! מיין בלוט, מיין לעבן גיב איך מיין קינד, איך וויל עס אויסקויפן מיט מיין לעבן; ראטעוועט, ראטעוועט מיין קינד, דערהאלט מיין קינד ביים לעבן!" — — — —

שטארקע הענט האָבן מיך אָנגענומען, ארייגעטראָגן צו א שכנה, אוועק־געלייגט אויף אן אייזערנעם בעטל. ווען איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן, איז קיינער אין שטוב נישט געווען. איך בין אראָפּ פון בעטל און געוואָלט אין מיין שטוב אריין. פאר דער טיר האָב איך דערזען דעם טויטן־קאַסטן. א הויכער מאן אין שטיוול האָט געטראָגן א פעקל איינגעוויקלט אין פאפיר; א קליין פיסעלע האָט ארויסגעשטארט, — מיין ליכטיק קינד׳ס פיסעלע... איך געדענק — אז איך בין אנידערגעפאלן, און מער גאָרנישט. ווי אזוי איך בין געקומען אין בעט אריין, ווייס איך נישט, נאָר ווען אין קאָפּ האָט אָנגעהויבן קלאָר ווערן, האָב איך זיך דערמאָנט, אז איך האָב נאָך דעם קינד קיין עסן נישט געגעבן. נעבן מיר זיצט מיין מאן און האלט מיך צו מיט א האַנט. — לאָז מיך אראָפּ, בעט איך ביי אים, — דאָס קינד איז הונגעריק, מ׳דארף דעם קינד געבן עסן, מ׳דאַרף אויסוואשן די העמדעלעך, ער האָט צופיל פארבראַכן, זיי זענען אלע אומריין. כ׳האָב מיך אָנגעהויבן מיט אים אמפערן. ער האָט גענומען מיין קאָפּ אין זיינע הענט און האָט

זיך צעוויינט — שוין נאָך אלעם, שוין נאָך אלעם, נאָך אלעם — — —

אין טעג ארום, ווען איך בין אראָפּ פון בעט, איז שוין נישט געווען קיין אָנצייכן, נישט פון בעטעלע, נישט פון וועגעלע, נישט פון דעם אָנגעטועכץ, וואָס פלעגט ליגן גרייט אויף דער שטול צו בייטן. אלץ איז אוועק צוזאמען מיט אים, מיין ליכטיק קינד האָט אלץ מיטגענומען מיט זיך — אַהינצו — אין דער אייביקייט: די האָפנונג און די טרייסט... די טרייסט און די פרייד...

א נעפל האָט זיך אראָפּגעלאָזט איבער אונדזער שטוב; שפּינוועבס האָט געגומען זיך פארשפרייטן. יעדעס ווינקעלע האָט געוויינט, יעדע וואנט איז געווען א שטיק טרויער...

איך הער א משוגע געוויין, וואָס צערייסט די נאכט און ברעכט אדורך די וואנט.ביידע קינדער פון מיין שכנה זענען אויך שוין איינגעשלאָפן אויף שטענדיק. ביידע מיידעלעך פאר איין מאָל — שוואך געוואָרן און איינגעשלאָפן... מיט צוקער־וואסער וועסטו קיין קינד נישט דערהאלטן ביים לעבן, — יאָ, דער דאָקטאָר איז גערעכט, ער ווייסט דאָך וואָס ער זאָגט. אויך קעגנאיבער מיין דירה, אויף דער צווייטער זייט טראָטואר, איז אויך שוין א פריש געשריי, דאָרט איז אויך אוועק אַ קינד אין דער אייביקייט. טרעפט מען א באקאנטע מאמע, האָט מען מורא צו פרעגן וועגן איר קינד. איך גראָב איין מיין קאָפּ אין איר קלייד און זוך, און מייד אויס איר צו טרעפן, איך גיי שנעל פאָרביי, ווי א בייזער ווינט...

קליינע קינדער — איבער זיי האָט דער מלאך־המוות אראָפּגעלאָזט זיין שווערט און האָט אויסגעפירט דעם ערשטן שניט, — דעם ערשטן שניט אין געטאָ 1940.

80 קינדער זענען געשטאָרבן אין איין וואָך.

## א פאר ליכטיקע טעג אין זייער קורץ לעבן

ארום יוני 1940 האָט מען געעפנט 3 קינדערהיימען אין געטאָ. אויף פראנצישקאנער 27 האָבן זיך איינגעשריבן 400 קינדער; אויף בערקאָ־יאָסעלאָוויטשא־גאס ארום 150 קינדער, און אויף יענער זייט בריק, צו לוטאָמירסקא־צו 200 קינדער, אין עלטער ביז 8 יאָר.

די אָרגאניזאטאָרן זענען געווען א גרופע יידיש־פוילישע לערער פון די פאָלקס־שולן. דאָס זענען געווען די ליכטיקסטע טעג אין יענעם צייט־אָפשניט אין לעבן פון די קינדער אין געטאָ. זומער האָט געבליט און געשארעמט; די בעקעלעך פון די קינדער האָבן זיך פארוויטלט. די גרינקייט אויף ערד און אויף בוים האָט זיך אין זייערע אויגן געשפיגלט; זיי האָבן געזונגען, אזויפיל געזונגען, געשפילט זיך אויף דער פריי, אין גרויסן, גרינעם גאָרטן. דאָס אויג האָט אָנגעקוואָלן, ווען ס'האָבן זיך ארויסגעשיט אלע קינדער פאראמאָל. דער גרויסער גאָרטן איז געוואָרן באזייט ווי מיט בלומעלעך פארשידנפארביקע. קינדער־געלעכטער האָט פארקלונגען די לופט.

8 גרופן זענען געווען אויף פראנצישקאנער גאס — דאָרט האָב איך געאַרבעט אלס דערציערין. פון 8 פרי ביז 5 נאָכמיטאָג האָבן קינדער פארברענגט אין זייער קינדערהיים, אין געזעלשאפט פון קינדער זיך אויסגעלעבט, פריי — וויפיל דאָס קינדערהערצל האָט פארגלוסט. צו עסן האָבן זיי באקומען 3 מאָל אַ טאָג: אין דערפרי ברויט מיט קינסטלעכן האָניג, מיטאָג — אַ קאַשע־זופּ, און פארן אהיימגיין אויך ברויט מיט האָניג. ברויט איז נאָך געווען פאר די קינדער צו דער זעט. מיטאָג־שעה האָבן זיי גערוט אויף דעקן, וועלכע זיי האָבן געברענגט פון די היימען זייערע.

אויף איינע פון די פעדאגאָגישע זיצונגען האָבן מיר ארומגערעדט וואָס פאר א מאטעריאל זאָל מען די קינדער געבן, וואָס פארא שפיל, וואָסער ליד און וואָס פאר א דערציילונג. פיל פון די לערער האָבן געהאלטן, אז מ׳דארף די קינדער געבן מאטעריאל פון „געטאָ־לעבן״; גובר געווען האָט די צווייטע מיינונג, אז מ׳דארף די קינדער געבן פרייד, געזאנג, וואָס מער געזאנג און שפיל. זאָלן זיי פארגעסן אין דעם גרויסן טרויער און ווייטיק־לעכן צער, אין וועלכע די היימען געפונען זיך.

א קינד ווען עס איז פריילעך, אז עס קומט אהיים אין שטוב, וועט עס פריילעך מאכן אלע מיטמענטשן אין דער שטוב, אין דער פינסטערער הונגעריקער היים. דאָס קינד וועט איבערזינגען א ליד, דערציילן אַ מעשה, און דאָס וועט העלפן אויפהייטערן אין דעם גאפאַלנקייט פון אונדזער לעבן; מ׳וועט לייכטער קענען פארטראָגן דעם גורל, וועלכער האָט אונדז אזוי שרעקלעך אַ שליידער געטון, אָפּגרונדיק טיף.

ביי דעם קינדערהיים האָבן מיר פארזעצט א גערטעלע מיט גרינצייג. די קינדער האָבן דאָס גערטעלע געפלעגט, באגאָסן עס, געלערנט זיך פון די בלעטלעך און וואָרצלען, און פון די פרוכטן. ליידער זענען קיין אנדערע ביכער אין געטאָ נישט געווען.

די לימוד־שפראך איז נישט געוואָרן אָנגעוואָרפן. אַ טייל האָבן געארבעט אין דער פוילישער שפראך, א טייל אין עברית, און א טייל אין יידיש. איך האָב געאַרבעט אין דער יידישער שפראך. קינדער, וועלכע האָבן קיין איין וואָרט יידיש נישט געקענט, האָבן אזוי הארציק ליב באקומען דאָס יידישע וואָרט, דאָס יידישע ליד, דאָס יידישע מעשה׳לע; די קינדער־פרייד האָט מיך אָנגערעדט צו שרייבן, — האָב איך טאקע געשריבן לידער, סיי פאר די יינגסטע, סיי פאר די עלטערע, ווי אויך מעשה׳לעך. אלץ דאָס איז געהייליקט יענע גליקלעכע טעג, יענע ליכטיקע טעג, ווען יידישע קינדער אין געטאָ האָבן געזונגען, געשפילט זיך, געלאכט און געווען פריילעך. די לידער האָבן זיי געזונגען, דעקלאמירט, אינסצעניזירט. איך האָב פארגעסן אין מיין היים, פארגעסן מיך אליין, אינגאנצן געווידמעט זיך צו ארבעט.

וואַלף צענדער, אַ לערער פון מוזיק, האָט צו די לידער צוגעשריבן מעלאָדיעס.

## „א יידיש מיידעלע"

איך בין א יידיש מיידעלע
מיט אויגעלעך פארטראכטע,
מיט הערעלעך שווארצע,
מיט ליפעלעך צעלאכטע.
איך בין א יידיש מיידעלע,
יידיש רעד איך אזוי שיין;
רופט מען מיך ליבעלע —
מיט דעם יידישן חן.....

## „א געוועט"

צו דעם בערגל לויפן קינדער
גייט אָן א געוועט:
יענקל, יוסל, גיטעלע —
ווער פריער שטייגן וועט?

פון זיי ביידע פריער
וועל איך אויף בערגל זיין,
ציף — ציף — ציף —
דער געוועט וועט מיינער זיין.

הערט זיך צו דאָס פייגעלע,
צעציפּצעט זיך זיס;
נישט יענקעלע, נישט גיטעלע
האָבן שטארקע פיס....

## קאשטאנען פאלן...

אונזער גארטעלע איז א פראכט,
ביימער פיל, ביימער אכט;
פון אלע קאשטן איז באליבט
ווערט קאשטאן־בוים געהיט.

קומט א ווינטעלע לייכט
שטיל קלאפט אָן אין טיר —
אז פאר קינדער פאר די קליינע,
פאלן קאשטאנס אָן א שיעור.

איילן מיידלעך מיט די קוישלעך,
איילן יינגלעך מיט די טאשן,
איילן אלע אין גיכן גאנג,
אויף די ליפן אַ געזאנג.

## טייבעליך

ווען די נאכט שטיל פאלט צו,
אַ שלאָף שליסט די אייגעלעך,
צופליען קומען טייבעלעך
און וואָרקן שטיל א ליד...

— ווארפן זיי א פעדערל,
א מתנה׳לע פאר קינדער;
— א פעדערל, אַ וווּנדער
און וואָרקן שטיל א ליד....

## „א קאפעלע"

הערשל, בער, אייזיק, עליע,
מאכן מיר א קאַפּעלע ;
איינס און צוויי, איינס און צוויי,
בלעך און שיסל אלערליי.

אויף דער שטארץ : בום־בום־
בום
אויף דעם טעלער : ציר־לי־ציל
בלאָזט מען מיטן שטעקן —
ער פייפט אין אלע עקן :
טו־טר־טו...

בום, בום, בום !
ציר, לי, ציל
טו—טו—טו—
גייט אַ שפיל.

## „האניק"

ארבעטער קליינינקע —
פליען בינעלעך ארום ;
זאמלען זאפט, זאמלען וויין —
פון בלומען אומעטום.

אין בינשטאָק טראָגן
האָניק דערפון זיי מאכן,
איז האָניק געשמאק און זיס —
ער האָט א טעם פון זיבן זאכן.

## „וועווריקל"

פון דער פרי ביז אָוונט שפעט,
זוכט וועווריקל אין וואלד;
האָט עס אָנגעזאמלט
א זעקל ניסלעך באלד.

אין קאמער זיי געטראָגן,
צום דעמבן־בוים אוועק;
ערשט גענומען טאנצן,
מיט דעם לאנגן עק.

פון צווייג צו צווייג
וואָס פרייילעכער געגומען;
צו עסן זאָל זיין —
ווען ווינטער וועט קומען.

## „דאס זונעלע"

ס'זונעלע, דאָס זונעלע
צוריק האָט זיך באוויזן;
האָט עס גראָע רעגנדל
העט דאָרט ווייט פארטריבן.

גרין און לופטיק ווערט אין גאס,
מיט לויטער ליכט צעהעלט,
איילט'זשע קינדער, איילט —
אין גאָרטן און אין פעלד.

## „זייט געזונד"

געקומען איז א פייגעלע
צו דעם פענסטער מיינעם;
דשורי, דשורי, דשורי, דשורי,
מיט זיין קול׳כל דעם שיינעם.

זייט געזונט! זייט געזונט!
איך מוז ווייטער פליען;
דאָרט ווו זון לייכט און וואַרעמט —
דאָרט ווו בלויע וואָלקן ציען.

דאָ קאַלטע ווינטן שמייסן,
רעגן קאַפּעט, קאַפּעט;
קיין עסן וועט נישט סטייען דאָ,
ווייל דאָס פעלד ווערט באַקעט!

זייט געזונט! זייט געזונט!
איך מוז ווייטער פליען;
דאָרט ווו זון לייכט און וואַרמט,
דאָרט ווו בלויע וואָלקן ציען.

## „פריידעלע"

פריידעלע אַ מיידעלע;
אכט יערעלעך נאָר אלט;
מיט אייגעלעך בלויאינקע
און גלעקעלעך געשטאלט.

אַ קעפל! א זונעלע!
פול קרויזעלעך די האָר;
רויט פארשלייפט די צעפעלעך,
א פנים ראָז און קלאָר.

אייגעלעך פארשאָטנטע,
קארשן־ליפעלעך די צוויי;
טוי־שמעקנדיק פרישינקער
און זילבער הענגט אויף זיי.

פריידעלע אַ מיידעלע
זיס אזוי פול פרייד;
אין קינדער היים זי קומט —
פרי, דורך זון באגלייט.

## צוליב נאר יאסעלען

בעריאָזעלע ס׳שוואכינקע,
הענטעלעך דארינקע פארבראכט;
האָט יאָסעלע ווידער היינט
איר הערצל קראנק געמאכט.

א מעסער א שארפינקע —
אין פלייצקע ארייגעשטאָכן;
פון רעכטער זייט שטיקערווייז
דאָס שטאמעלע אָפּגעבראָכן.

ארומגעשאָבן קאָרעלע,
פארוואונדעט שווער — רוקן, זייט;
היינט צוליב נאָר יאָסעלען,
קראנק בעריאָזעלע שטייט.

## „לייבעלע"

לייבעלע א יונגעלע,
ווייל אזוי און גוט;
די אייגעלעך א טרוימעלע,
ליפּעלעך פול בלוט.

לייבעלע א ייִנגעלע,
א פלאטערל א בין;
דאָרט ווו ער באווייזט זיך
נעמט לייכטן העל די „זון".

לייבעלע א ייִנגעלע,
ווי א טייבעלע געשפּילט;
פרייד אין יעדן ווינקעלע
ווי א לידעלע באליבט.

## „שפּאַצירן"

שפּאציר איך מיר אין גערטעלע
אהער און אהין;
קוקן אויף מיר ביימעלעך,
שיין אזוי און גרין.

ווינקען אפיר די בלעטעלעך,
בעטן „רייס מיך אָן"!
רייס איך עפּל רויטינקע,
פולע קיישלעך אָן.

## א רעגן פאלט!

טריף, טריף, טריף,
טראָפּ, טראָפּ, טראָפּ,
נאַס איז דאָך,
נאַס איז מיין קאָפּ.

מאכט זיך קאלט,
טריף, טריף, טריף,
טראָפּ, טראָפּ, טראָפּ,
אַ רעגן פאַלט.

## ווו—ווו—ווו!

לעצטע שטראלן
שיקט זון אַראָפּ;
קוויקט א יעדן
מיט דעם גאָלדן טראָפּ.

רופט און בעט:
צו שפּילן זיך אין גאַס —
נאָך אביסל, נאָך,
טאָג ווערט גראָ און בלאַס.
שוין אין ווארם לאנד
האָבן פייגל זיך געלאָזן;
אויף דעם קאָרן־פעלד
הארבסטיקע ווינטן בלאָזן.

הארבסט קומט! הארבסט
ער קומט פון אלע וועגן...
ווו—ווו—ווו—
ווו—ווו—ווו....

## ערב הארבסט!

מיט צווייגעלעך טרויריקע
נעמען ביימעלעך קוקן;
זומער אין א ווינקעלע
פּאוואָלינקע זיך טוט רוקן.

כאפּט א קוק אין סעדעלע,
אן אויג אין פעלד ווארפט;
הארבסט! הארבסט אָ הארבסט!
ווינט און קעלט ער שארפט.

לאנג ציט אויס די נאכט,
פארקלענערט טאָג אויף האלב;
גליווערן מאכט טויעלעך,
פאריאָגט אוועק די שוואלב.

ציט אַראָפּ דאָס העמדעלע
דאָס גרינע פון דער ערד — —
קינדער טרייבט אין שטיבעלעך,
אין גאס צו גיין איז באשווערט!

מיט סאמעט קליינע טריטלעך
גייט זומער־לעב שוין אָפּ;
שטעלט זיך אין א זייט,
פאר הארבסט בויגט דעם קאָפּ.

## קינדער לערנען

צו הארבסט־צו האָט מען געשלאָסן אלע קינדערהיימען. די לערערינס האָט מען געשיקט אין פאבריק קלעבּן גומי־מאנטלען. שנעל האָבן מיר באהערשט דאָס פאך, אָבער לאנג האָבן מיר נישט געארבעט דאָרט. מ׳האָט אונז פון דאָרט ארויסגעצויגן און אנגאזשירט אין שול־וועזן, וואָס מ׳האָט אקאָרשט געגרינדעט. דער שול־אמט איז באשטאנען פון דריי מענטשן: ישראל טאבאקסבלאט, און צוויי סוחרים: לעוו און קארא. אַ פּאָר שולן זענען געוואָרן געעפנט אויף איין זייט בריק צו אלטשאָט צו, און צוויי שולן אויף יענער זייט בריק צו לוטאָמירסקי־צו. די בריק האָט פארבונדן איין טייל געטאָ מיט דעם צווייטן טייל.

פאָרמעל איז באשטעטיקט געוואָרן דורכן שול־אַמט און פּרעזעס אז די אונטעריכט־שפּראך איז יידיש. איך בין געוואָרן צוגעטיילט צו דער שולע אויף דער זייט בריק צו לוטאָמירסקי־צו, אויף ווזשעשניעוסקא 27, אויף צו לערנען יינגלעך נאָכמיטאָג; פארמיטאָג האָבן געלערנט מיידלעך. די שול איז באשטאנען פון 6 קלאסן; איין שיכט האָט געלערנט פון 8 פרי ביז 12.15. באקומען אַ זופּ און געגאנגען אהיים. איז געקומען די צווייטע שיכט באקומען א זופּ און צעגאנגען זיך אין די קלאסן. עסן פאר די קינדער האָט מען געברענגט אין אַ קעסל צוטראָגן.

די גרופּן זענען נישט געווען איינהייטלעך; ס׳זענען שוין געווען אַ סך עלטערע קינדער, פארשפּעטיקט אין שול־עלטער. אויך די וועלכע האָבן געלערנט פאר אויסברוך פון דער מלחמה אין די ערשטע קלאַסן, האָבן אויך וואָס־ווייניק געקענט. מ׳האָט סעגרעגירט און אויפגעשטעלט אַ שולע.

איך האָב געלערנט מיט צוויי קלאסן — I און II — אין איין צימער. אין IV־טן קלאַס האָב איך געלערנט יידישע ליטעראַטור.

אַ מורא׳דעקער ווינטער האָט זיך געשטעלט. אפשר איז ער גאָרנישט אזוי שווער געווען, ווי מיר האָבן אים געפילט. מען איז שוין געווען אַ שפּאָר ביסל אויסגעמאַטערט פון הונגער, פון קעלט און פון צער. שטאַרקע פרעסט האָבן אָנגעהאַלטן גאַנצע וואָכן. די קינדער זענען געקומען אָנגעטון אין אַ פּעקל שמאַטעס; זייערע קליידער, וועלכע זיי האָבן מיטגענומען אין געטאָ אריין, זענען שוין לאַנג געוואָרן צעריסן. קינדער זענען געקומען אין שטיקער זעק פאַרהילט די פיס, טייל זענען געקומען אין הילצערנע טרעפּעס, האַנטוכער אויף די קעפּ און זאָקן אויף די הענט. דער לערער איז אויך געוואָרן אָפּגעלאָזן אויף זיך, ער איז אויך נישט געגאַנגען בעסער פון די קינדער. אַ לערער איז אזוי ענלעך צו אַ קינד, אזוי אומבאַהאָלפן אין פּראַקטישן לעבן. אזוי ווי די קינדער זענען אריין אין קלאַס, האָבן זיי זיך אָנגעקוועטשט אין זייער הולך. אזוי האָט מען זיך געלערנט שרייבן און ליינען, אזוי האָט מען געמאַכט גימנאַסטיק. יעדע צען מינוט איז מען אויפגעשטאַנען און געשפּרונגען צו דערוואַרעמען די פיס, געלאָזן די הענט אין באַוועגונג צו דערוואַרעמען דעם גוף, דערנאָך ווייטער פאַרגעזעצט דאָס לערנען. דער פראָסט האָט פאַרקאָרועט די שויבן, קיין באַלייכטונג איז נישט געווען, גראָ איז געווען אין די צימערן און טונקל; אזוי האָט מען געלערנט שרייבן, ליינען. ווי גרויס איז געווען דאָס ווונדער, אַז ביי אזוינע אומשטענדן האָבן קינדער זיך אויסגעלערנט שרייבן און ליינען נאָך אַ פּאָר וואָכן לערנען. דער ווייַ איז געווען גרויס, קוקנדיק אויף די קינדער. זיי האָבן געבעטן ביכער, די לערער האָבן נישט געקענט צושטעלן. די געטאָ איז נישט געווען צוגעגרייט פאַר יידיש־לימוד — נישט אין מענטשן־מאַטעריאַל און נישט אין לערן־מאַטעריאַל, אָבער לערער האָבן זיך אָנגעשטרענגט — פון אונטער דער ערד האָט מען געבראַכט יידישע ביכער, צייטונגען אין יידיש. האָט איינער עפּעס געהאַט צום לערנען, האָט ער זיך געטיילט מיט אַלעמען. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קורס פאַר לערער

צו דערלערנען די שפּראַך. די קינדער האָבן געלערנט און געוואָלט לערנען. מ׳האָט צוגעגרייט אַ חנוכה־אָוונט. די שולן האָבן געגעבן זייער ביישטייער צו 1 אָדער 2 נומערן. וואָלף צענדער האָט אָנגעפירט מיט אַ כאָר. איך האָב געוווּסט, אַז דער פּרעזעס וועט זיין, האָב איך צוגעגרייט איין איינאַקטער פון קינדערלעבן אין געטאָ.

## דער איינאקטער

אַ אָרעמע פינסטערע שטוב. אין אַ שמוציק בעט ליגט אַ יינגעלע פון 9 יאָר; ער גייט אין שולע, אָבער ווען זיינע שיך ווערן צעריסן, ליגט ער אין בעט; באָרוועס קען ער ווינטער אין שול אריין נישט גיין. די מאמע זיינע גייט אוועק צו דער ארבעט אויף אַ גאנצן טאָג און לאָזט דאָס קינד איבער אליין פארשלאָסענערהייט. אַ גאנצן טאָג וויינט דאָס קינד: מאמעליו, מאמעליו! ס׳גייט צו צום פענסטער, וועלכעס איז פארהאָנגען מיט שווארץ פאפיר קעגן לופט־אָנגריף. דאָס יינגעלע רייסט אָרויס אַ שטיקעלע פאפיר צו קענען זען דורכן לאָך, וואָס ס׳טוט זיך אין גאַס. פלוצים דערשרעקט זיך דאָס יינגעלע, לויפט צוריק אין בעט אריין, דעקט זיך צו איבער דעם קאָפּ. ער שלאָפט איין. נישט געגעסן צומאָל דאָס פענעצל ברויט, וועלכעס די מאמע האָט צוגעגרייט אויפן טיש פאר איר אוועקגיין אין רעסאָרט; נישט געטרינקען צומאל די שווארצע, ביטערע קאווע.

די מוטער קומט פון רעסאָרט און ברענגט פאר אים אַביסל זופּ, וואָס זי האָט איבערגעלאָזן פון איר ראציע. זי זעט, אז דאָס קינד איז איינגעשלאָפן אָן עסן, ברעכט זי אויס אין אַ געוויין. זי לייגט זיך צו צום קינד, שלאָפט איין, אָבער שוין אויף אייביק. איר מאמע־האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן....

אַ פּאָר מאָל וועקט זיך דאָס קינד איבער; ער רייסט דער מאמען ביי איר האנט; ער שרייט: מאמעליו! מאמעליו! די מאמע קען דאָס שוין נישט הערן. ער הויבט זיך אָן צו שרעקן, ווערט ער ווייטער איינגעשלאָפן און אזוי אַ גאַנצע נאַכט.

דערנאָך זעט מען אויף דער סצענע דעם חלום פון קינד:

ס'איז שבת. אלע זיצן ביים געדעקטן טיש; ליכט ברענען — דער טאטע מאכט קידוש, וואשט זיך און טיילט ווייסע חלה. די מאמע שיט קארטאָפל הייסע אויף גרויסע שיסלען אָן. ביים טיש זיצן אויך די צוויי שוועסטערלעך וועלכע געפונען זיך אויף מארישין (א קינדער־דאָרף נישט ווייט פון געטאָ, אָבער איינגעשלאָסן אין די געטאָ). אינמיטן עסן ווערט פינסטער; פון אלע זייטן הערט מען וויינען. פלוצים עפנט ווער די טיר: אַ פארשטעלטע קומט אריין די „זון"; פאמעלעך צעשיינט זי זיך אין אלע ווינקלען פון שטוב, אין אלע ווינקלען וואַקסן אויס בלומען און עס וואקסן אויס קינדער. קינדער ווערן זונעלעך און טראָגן זונען־קרוינען אויף די קעפעלעך. די בלומען און די קינדער בעטן ביי גאָט, ס'זאָל מער קיין מלחמה נישט זיין אויף דער וועלט. שלום זאָל זיין! שלום זאָל זיין און טאטע־מאַמע זאָלן לעבן, לעבן זאָלן טאטע־מאמע!

---

אין דער פרי הערט אַ שכנה דאָס געוויין פון קינד. זי ברעכט אויף די טיר — — — — —

דאָס יינגעלע שוין אַ גאנצער יתום, גייט אויף מארישין אין יתומים־הויז אריין.

מיר זענען אלע צוגעשטאַנען צו טאבאקסבלאטן, ער זאָל זיך באמיען צו רעדן מיטן פרעזעס, אז די קינדער זאָלן באקומען ט ר ע פ ע ס. ער האָט אינטערוועגירט און אונזער ביטע איז צו פרייד דערפולט געוואָרן. די קינדער האָבן באקומען טרעפעס, הויזן, סוועטערס.

צו פרילינג־צו האָבן מיר באארבעט אַ שטיקל פעלד ביי דער שול. ווען די רעטעכלעך זענען געוואָרן רייף, האָט מען זיי אויסגעריסן און געבונדן אין בינטעלעך. יעדעס קינד האָט באקומען אַ בינטעלע; די רעשט האָבן מיר אוועקגעטראָגן אין ש ו ל ־ אָ פ ט י י ל ו נ ג, מ'זאָל עס צעטיילן פאר אנדערע קינדער.

ס'איז געוואָרן באשטימט, אז מיר זאָלן נעמען 2 וואָכן אורלויב, ווייל מיר זענען געווען אזוי שוואַך, דערשעפט און געפאלן פון די פיס. אָבער

ווי נאָר מיר האָבן גענומען אורלויב, זענען אריינגעקומען אין געטאָ יידישע פּליטים פון טשעכיען (און עסטרייך), וועלכע זענען געוואָרן ארויסגעשיקט מיט יאָרן פריער פון זייערע היימען. די פּליטים האָבן פארנומען אלע שול־געביידעס. די שול איז שוין מער צושטאַנד נישט געקומען.

די עלטערע קינדער האָט מען צעשיקט אין די רעסאָרטן ארבעטן און די יינגערע האָבן זיך ארומגעדרייט פּוסט־און־פּאַסט. לאַנג האָט דאָס נישט געדויערט — דער פינסטערער טאָג האָט זיך דערנענטערט מיט נייע אויסראָטונגס פּלענער.

---

איך פארשרייב דאָ אלע לידער, אלע דערציילונגען, וועלכע איך האָב געשריבן פאר די קינדער; אלץ, אלץ געהערט זיי, אלץ געהערט זייער שיין, יונג לעבן. זאָל גאָט באווייזן אַ נס, אז מיר זאָלן זיי דערהאַלטן ביים לעבן. זאָלן די קינדער, די ליכטיקע, די יידישע קינדער אין געטאָ געראטעוועט ווערן פון אלע, אלע אומגליקן, וואָס רינגלען זיי ארום און פון אלע געפאַרן, וואָס לויערן אויף אלעמענס קעפּ.

מוזיק וואָלף צענדער:

## א מארש

אין שול אריין מארשירן מיר,
יינגלעך, מיידלעך יעדן טאָג,
גרייט איז אָפן דאָרט די טיר,
אין שול אריין מארשירן מיר.

העפטן נייע, פען און בליי,
מארשירן מיר קינדער פריי,
אין שול אריין מארשירן מיר.
זאָל לעבן די שול,
זאָל לעבן די שול,
זאָל לעבן די שול!

## אונטער דעכל

אונטער דעכל פון מיין הייזל,
וועבט די שפּין דאָרט אַ קרייזל,
אָטאָ אָטאָ זיך פארזעצט,
מיט דינע פעדים זיך באנעצט.
און דער פאָדים דריי־געדריי,
פאראנען מוסטער אלערליי,
הינטערוועגס שפּין שפּאצירט,
הינטערוועגל קריכט און קריכט.
קומען פליגן, פליגן קומען
עסן, עסן זוכן זיי.
ראפּ־צאפּ די שפּין איז דאָ,
פאר די פליג די לעצטע שעה.

## יידיש לשון

ווי רוישיק וואַסער צווישן בערג,
טוסטו שפּראָצלען יידיש לשון.
אַ פונק ביי וועמען דו צונדסט אָן,
דאָס פייער קען זיך מער נישט לעשן.

ווו אַ ייד נאָר, אָ דאָרט ביסטו,
אין זיין געביין און אין זיין בלוט.
אין זיין טרער און אין זיין ליד,
ווען אים שלעכט איז אָדער גוט...

אָ יידיש לשון, שטראָמיק וואסער,
ביסט אונז טייער נאָנט, אייגן;
ווי אַ ברכה פון דער מאמען —
ווען זי באגלייט צום שלאָפן־לייגן.

## שניי

פאלט א שניי, פאלט!
פראָסטיק איז און קאלט,
אָנגעשיט האָט שניי אסך —
באדעקט די ערד, באדעקט דעם דאך.

## שניי!

גייען בלייכע וואָלקנדלעך,
זילבער־פולווער פון זיי פאַלט;
מיט לייכטן שוואנען־פוך
וועט די ערד פול זיין באלד.

יאָגן זיך שניי־פליטערלעך,
וויגן זיך אין גרויער הייך,
ווי בלימעלעך, ווי שטערנדלעך,
ווי פעדערלעך זער ווייך.

שיט שניי זיך, שיט, שיט,
שיצט די ערד פון קעלט;
מיט זיין פוטער ווארמט אויס
די גרויסע, שיינע וועלט.

# א שניימענטש

פעטער, פעטער שנייער,
האָסט א גרויסן הוט!
פעטער, פעטער שנייער,
האָסט אַ האַרטן רוט!

קוילן צוויי די אויגן,
א מערעלע די נאָז,
זאָג׳זשע פעטער שנייער,
וואָס׳זשע פעלט דיר, וואָס?

וועלן קינדער טאנצן,
שוין, דו ביסט געמאכט;
האָפּ! האָפּ! האָפּ! האָפּ!
נאָר געזונגען, נאָר געלאַכט.

# חנוכה

היינט איז יום־טוב,
אַ שיינער אויף דער וועלט,
טיילט דער טאַטע אַ דריידל,
און חנוכה־געלט.

צינדן מיר ליכטלעך
גאַנצע אַכט טעג;
צינדן מיר ליכטלעך
גאַנצע אַכט טעג.

צינדט אָן דער טאַטע,
צעזינגט זיך דערביי:
ס'וועט נאָך גוט זיין, קינדער,
מיר וועלן ווערן פריי!

אזוי דערציילן ליכטעלעך אַכט,
אזוי דערציילן ליכטעלעך אַכט.

## א לעבן

אַ לעבן, כ׳זאָג אייך קינדער,
איז מיט ווייסן שניי;
און די קאָלירלעך די שיינע,
ווי שטערן פונקלען זיי.

וואַרף איך גיך, טרעפן כ׳זאָל,
דאָ אַ שפרונג, דאָרט א דריי;
נאָר קוים פאַל איך אום,
ווער איך אליין א שטיק שניי.

## „זאלבעדריט״

צוויי ווינטן אלטע איינגעשפּאַרט,
רונד ארום זיי קרייזלען, יאָגן,
ווּעמען טרעפן מיטן וועג,
נעמען זיי טרייסלען און שלאָגן.

פון די דעכער, רייסן שטיקער,
צוויגן ברעכן, קערן וועלט —
רונד ארום, אויבן אונטן,
נישטאָ פאר זיי איז קיין געצעלט.

אנטקעגן קומט א ווינטעלע,
אין וועג ס׳שטעלט זיך, סאמע מיט:

זיידע, — שרייט ער — פעטער —
רופט,
קומט מיט מיר — זאלבעדריט!

דאָרט אויף פעלדער, וועגן פרייע,
פארגאָסן האָט שטראָמיק וואסער;
יאָסל שמייסער מיט זיין שקאפע,
ביזן גארטל שטייט אַ נאַסער.

ביי דער כאטקע אויף קרומען
פלויט,
וואָס וויאנעט קינדער־העמדל ריין,
און אין בעטל ווארט עס נאקעט
ביז ס'וועט העמדל טרוקן זיין....

אויף פאשע־בלומען בעטן —
אונז צעווארפט, צעזייעט אומעטום...
זאָלן קינדער קומען רייסן —
האָבן גרויסע פרייד דערפון.

אויף די פליינען רופן זאנגען,
אונז צעטראָגט ווייט און ברייט;
הונגעריקע זאָלן קאָרן שניידן —
מיט ברכה און די שטילע רייד...

הערט דאָס זיידע, פעטער הערט,
מיט קעפ פארשעמטע בלייבן שטיין,
אויף אַן עצה פון א יונגן גילט —
העה! זאלבעדריט לאָמיר גיין...

# איין הונט!

איין הונט פאראן אין געטאָ,
ווייס מיט שווארץ־לאַטע
געשפריצט;
איין הונט פאראן אין געטאָ,
אין גאָרטן ווו קריפּאָ זיצט.

האוו־האוו־האוו, האווקעט ער
ווען באפרייט ווערט נאכט פון
לאסט;
צווויסן גיט אין לאגער:
אז דאָ איז אַ ליבער גאסט...

אליהו הנביא!
איבער גאסן שפרייט אליין,
ווען יידן הארט נאָך שלאָפן,
נעמט ער דאן אין שטובן גיין — —

זיין רעכטע האנט שיצט —
סיי אויף לינקס, סיי אויף רעכטס,
צו־קאָפּנס ווו סכנה —
ציט ער אָפּ א יעדעס שלעכטס...

מיט ביידע הענט ער פּאַכעט,
די שרעק גייט אָפּ אין טריט — —
אליהו הנביא —
די קינדער זיינע ער היט.

## א מאלצייט האט די שפין...

דריי פליגעלעך גאָלדענע —
דריי פליגעלעך א פראכט,
אויף דער שויב זיך געטראָפן,
יעדע האָט אזוי געטראכט:

זע מיין גאָלדן קעפעלע —
שוועסטער דו מיין, דו מיין,
זע מיין זעפיר־העלזעלע
ווי אויפגאנג אזוי שיין.

זע מיין גרינעם מיילעכל —
נענטער קומט צו די צווייטע:
זום זום זום זום זום...
מיט הערנעלעך צעשפרייטע.

דאָס גופ׳לע דאָס שלאנקע,
גאָר ס׳דריטע וואשן נעמט:
נאָר איך בין ריין, איך בין שיין,
ווי אַ שפיגל איז מיין העמד.

אך געבייזעריי, קריגעריי,
מ׳זומט אהער, מ׳זומט אהין,
פאלן זיי אריין אין נעץ,
אַ מאָלצייט האָט די שפין...

# מארישין

מארישין איז געווען א פוילישער ארבעטער־קווארטאל פאר די אינטע־ליגענץ. אויסמעסטנדיק די געטאָ, איז מארישין אריינגערעכנט געוואָרן אין געטאָ־שטח. די פאַלאקן האָבן דעם שטח געמוזט פארלאָזן. פון פאקטישן געטאָ איז געווען צוצוגיין אַ פאָר קילאָמעטער. ווען מ׳האָט געטריבן אין געטאָ אריין, האָבן זיך אהין פארקליבן פאָליטיש־פארטייאישע יוגנט־אָרגאניזאציעס מיט אלע זייערע איינהייטן און מיט זייערע עמבלעמען און פענער. זיי האָבן געפירט זייער טעטיקייט אַ קורצע צייט. די פירערישע קליקע אין געטאָ האָט זיך דערוווּסט און מ׳האָט אלע די יוגנט־אָרגאניזאציעס דערשטיקט. ווער האָט געקענט פאָרויסזען, אז דאָס איז און וועט פארבלייבן דער גרעסטער פאראט פארן פאָלק. גאנץ מעגלעך, אז פון די יוגנט־גרופן וואָלטן זיך שפעטער פאָרמירט קאמפס־פעאיקע אין פאָלק; מ׳וואָלט געקענט שטעלן א ווידערשטאַנד און נישט גיין אזוי פשוט צו דער שחיטה.

דער פרעזעס האָט נאָמינירט א יידיש־פוילישן לערער פון די פאָלקס־שולן אלס לייטער פון מארישין. דאָס איז געווען היימאן. מיר האָבן אים געקענט: געווען ענערגיש, פעיק, פארמאָגט אסך וויסן און איניציאטיור־פעיקייטן. אַ גוטער לערער, אַן קונצן, מיט אן ערלעך הארץ.

היימאן האָט אַנגעהויבן מאכן אָרדנונג אויף מארישין. מ׳האָט קאָנצענ־טרירט אהין אלע יתומים, האלב־יתומים, קראנקע קינדער, און אויך קינדער פון קראנקע עלטערן. מ׳האָט סעגרעגירט גרופן מער־ווייניקער לויטן עלטער: אין באזונדערע גרופן אין פאָרשול־עלטער, באזונדער יינגלעך, באזונדער מיידלעך. עלטערע קינדער האָט מען איינגעאָרדנעט אין ווארשטאַטן. מ׳האָט געעפנט אויפן אָרט ווארשטאַטן, מ׳האָט געגרינדעט א שוואלניע פאר

עלטערע מיידלעך, צוגענומען דערציער און דערציערינס, זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט די קינדער. יעדע גרופּע האָט געהאַט איר באַזונדער הייזל. דער שול־אַמט האָט אהינגעשיקט לערער און לערערינס צו אונטעריכטן אויפן אָרט. די פאָרמעלע לימוד־שפּראַך — יידיש. אַלע געגנשטאַנדן האָט מען געלערנט אין יידיש. מ׳האָט געשאַפן אויפן אָרט „גיכע הילף״, אַ סאַניטאַר־אָפּטיילונג מיט דריי סאַניטארקעס־פּרויען. (מיינע אַ שוועסטער, א לערערין, איז אויך נאָמינירט געוואָרן אלס סאַניטאַרין). זייער פליכט איז געווען צו האָבן אויפזיכט איבער דער ריינקייט. יעדע איינע האָט געהאַט איר ראַיאָן מיט א צוגעטיילטע גרופּע קינדער, געמוזט זאָרגן פאַר ריין־האַלטן די צימערן, דאָס בעטגעוואַנט, וועש און קליידונג, די ריינקייט פון די קעפּ און באָדן די קינדער. זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיטן איבערשיקן די קראַנקע קינדער אין איזאָלאַטקעס און אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען אויפן אָרט.

דער לערער היימאַן האָט זיך נישט דערהאַלטן. אים האָט אונטערגע־שטעלט אַ פוס אַ מיידל, א יונגע, א שיינע, אַ פאַרקויפערין אין אַ פּאָרצעלאַן־געוועלב; זי האָט געפונען חן אין פּרעזעס אויגן און דער פּרעזעס האָט געטוישט די נאָמינאַציע. ליפּמאַנקע איז געוואָרן לייטערין, פּירערין איבערן קינדער־דאָרף „מארישין״, און דאָס אליין איז שוין געווען איין גרויסער פּאַראַט. זי איז געווען דעם פּרעזעס אַ מענטש; געאַרבעט געטריי מיט דער גאַנצער קליקע פאַר די דייטשן. דער טרויעריקער סוף האָט עס באַוויזן. אומעטום האָבן מיר געזען פּאַראַט, אָבער שטענדיק צו שפּעט — צו שפּעט.

ווען די שולן זענען געוואָרן ליקווידירט, האָט מען פיל פון די קינדער אריבערגעשיקט קיין מארישין; צוגעקומענע מיט יעדן טאָג פרישע יתומים, האַלב־יתומים און קראַנקע. אַן איבערמענטשלעכע אַרבעט האָבן ארויסגעוויזן די לערער: נאַקעט, באָרוועס, הונגעריקע, אליין צעבראָכן פון אומגליקן — איז מען אַלע טאָג געגאַנגען אַ פּאָר קילאָמעטער הין און צוריק. מארישין איז געלעגן אַ שפּאָרע שטרעקע פון געטאָ. די אנשטרענגונג האָט געמוזט

זיין א גרויסע, א מסירת־נפש׳דיקע, צו קענען איינהאַלטן הונגעריקע קינדער, מאכן זיי אויפמערקזאם אויף די געגנשטאַנדן, וועלכן מ׳האָט געלערנט. פיל לערער זענען געפאלן אויפן פאָסטן ווי זעלנער אויפן פראָנט. צום גוטן דארפן די לערער דערמאָנט ווערן אין יעדער אזכרה — (אויב ס׳וועט נאָר בלייבן א ייד און ער וועט זאָגן „אל מלא רחמים״), זייער לעבן האָבן זיי געהייליקט דעם פאררוואָרלאָזטן, אָרעמען יידישן אומגליקלעכן קינד אין געטאָ. מיט כוח האָט מען אויפגעצוווּנגען, אז קינדער זאָלן לאַכן, קינדער זאָלן פריילעך זיין, זיי ארויסציען פון דער שווארצער אַפּאַטיע. פון מרה־שחורה, מאכן זיי גלויבן, אז אן אנדערשקייט קען קומען, אז אויסגעלייזט קענען ווערן יידן, אז די ליידן וועלן זיך סוף־סוף ענדיקן, ווי ס׳ענדיקט זיך די נאַכט. יעדער לערער האָט געטראָגן מיט זיך ליכט, מוט, גלויבן, טרייסט און האָפנונג. עפּעס האָט זיך געוואָלט איבערגיסן דאָס אייגענע לעבן אין זיי — אין די קינדער. מ׳האָט אזויפיל געבעטן, אז מ׳זאָל זיי קענען דערהאַלטן ביים לעבן, מ׳זאָל זיי קענען אָפּראטעווען פון פיל אומגליקן, וועלכע האָבן געלויערט יעדע רגע פון ארום און ארום.

געהיימע כוחות האָבן זיך געריסן צום לעבן; ס׳איז דאָך געווען אזוי שלעכט, אזוי ביטער, אזוי אומדערטרעגלעך, אזוי פיינלעך, אזוי ווייטיק־לעך, — און לעבן האָט מען געוואָלט פאר יעדן, יעדן פרייז — — „לא אמות, כי אחיה״.

---

מארישין האָט זיך פארוואנדלט אין א סימבאָלישע אויסראָטונג. דאָרטן האָבן די דייטשן פארלייגט באן־ליניעס, רעסאָרטן; פון דאָרטן איז אָנגע־קומען עסן פארן געטאָ, פון דאָרטן איז אויך אָנגעקומען דער מלאך־המוות. אויף מארישין, אין דער גרויסער שול־געביידע אַמאָל פאר פוילישע קינדער, האָט מען פארזאמלט די קרבנות צום אוועקשיקן אויף אומבאקאנטע טויטן. הונדערטער, הונדערטער האָט מען ארייגעפּאַקט אין קליינע צימער־ליך, ווו נאָך ביים לעבן זענען זיי דערשטיקט געוואָרן. צענדליקע האָט מען ארויסגעשלעפּט טויטע יעדן טאָג — נאָך פריער, איידער מ׳האָט

באוויזן זיי אויפצולאָדן אויף די וואגאָנען. אין דער צײַט פון דער אויס־זידלונג האָסטו געקענט זען אויפן וועג קיין מארישין האנטוועגעלעך, צעבראָכענע אָדער צוגעקלאַפּטע אויף גיך אויס ברעטלעך פון אַ צענומענעם פלויט, ווייל קיין האָלץ איז אין געטאָ נישט געווען. דער וואָס האָט געשלעפּט, האָט זיך צוגעבונדן צום וועגעלע מיט אַ שטריק. קינדער האָבן געשלעפּט אלטע טאטע־מאמע, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט גיין. צוויי זון איינגעשפּאַנט שלעפּן איצט דעם אלטן טאטן; פון אונטן גייען די טעכטער און שטופּן נאָך; די רעדער פארהאקן זיך צווישן די שטיינער און ס'שפרינגט קאפויער... מ'מוז דעם טאטן צוהאלטן פון אונטן, ער זאָל זיך נישט איבערקערן. דער אלטער ייד, א הדרת־פנים, די באָרד איז פארבונדן מיט א פאטשיילע, דער טלית שטארט ארויס פון זיין פאַלטן, די ציציות שלעפּן זיך נאָך; אויגן קלאָרע, אויגן טיפע קוקן צום הימל און די ליפּן באוועגן זיך אין אַ הויכער תפילה: „כי יודע ה' דרך צדיקים" — „ודרך רשעים תאבד"...

---

אכט טעג שנייט אָן אויפהער; אַ קלאָרער טיפער שניי ליגט אויף אלע וועגן. פון דערווייטנס זעסטו שווארצע סילועטקעס אויפן שניי — דאָס גייען די פארמשפּט'ע צו דער אויסזידלונג. אַ פּעקל פארוואָרפן אויפן אָרעם און ביי העגט קינדער — איינס ביי איין האנט, איינס ביי דער אנדערער האנט. מ'שלעפּט זיך דעם גאנצן, פיל־קילאָמעטערדיקן וועג צו מארישין־צו. מ'פאלט, מ'הויבט זיך צוריק אויף, מ'פאלט, מ'בלייבט ליגן אין שניי, דאָס פּעקל דריקט, צו שוואך שוין צום אויפהויבן זיך. די זאָנדער־פּאָליציי העלפט אויפשטיין און באגלייט דעם לעצטן וועג. וואוהין? וואוהין? ווער ווייסט? — פארהוילן איז אַלץ. זאָנדער־פּאָליציי גיבן איבער זייער פאָלק אין די הענט פון די דייטשן. מ'טאָר נישט בלייבן שטיין אויף אָפּצורוען זיך. ניין! די צייט טרייבט מיט טויזנטער פערד־קראפט צוצואיילן צו פארניכטונג אין געטאָ, אלץ אויף מארישין. דאָס

האָבן אונז די גויים איבערגעלאָזט אַ פעלד אויף קברים און א גיהנום׳דיק לעבן.

אויף מארישין איז אויך דער יידישער בית־עולם. אויך אהין איז דער וועג פארנומען. גייען אבלים אהין, מ׳שלפט ברעטער אויסצובעטן קברים מ׳איז שוין מקנא דעם, וועלכן מ׳באגלייט אהינצו, כאָטש צו דעם האָט מען שטענדיק צייט; יעדער וויל וואָס פריער אָפּקומען — אזוי זענען שוין די נערוון צעשטרייט און צעשרויפּט. מ׳שלעפּט זיך אהין, מ׳לשעפּט זיך צוריק, אַ לאנגע קייט — — — אַ פאָר־הונדערט גרעבער אַ טאָג. די גרעבער קענען זיך קיין עצה נישט געבן; ביינאכט גראָבן זיי גריבער פארן דייטש, ביינאכט ברענגט מען מאַסן געשאָסענע, רוימט מען זיי גלייך אוועק. בייטאָג גראָבט מען פאר די, וואָס דער טויט האָט זיך אליין דער־בארעמט איבער זיי.

## מ׳ברענגט אום אונזער פאלק!

געשען איז דאָס אַ לענגערע צייט נאָכן ליקווידירן די שולן; ביינאכט האָט מען געהערט טריט, גיכע טריט און אַ שטילן געוויין. מען איז אַראָפּ פון די בעטן און ארויס אין גאַס. מאמעס האָבן געטראָגן קינדער אין ווייסע העמדלעך, נאקעטערהייט, געלאָפן, געאיילט — — —

די קראנקן־שוועסטער האָבן צעטראָגן די ידיעה, אז מ׳גרייט אַ ווישעד־לעניע פון די קינדער. ווער פון די מאמעס ס׳האָט געגלויבט און ארויס־געכאפּט דאָס קראנקע קינד פון שפּיטאָל, האָט עס אָפּגעראַטעוועט, אָבער נאָר אויף א קורצע ווײַלע. ווער ס׳האָט נישט געגלויבט אין דער ידיעה, האָט שוין פארשפּעטיקט. 4 אַ זייגער פארטאָג האָט זאַנדער אָפּגעשלאָסן די לאגיעוואָניצקי־גאַס מיט אירע שכנות׳דיקע געסעלעך. א גרופּע שטורמיסטן זענען פארפאָרן מיט לאַסט־אויטאָס פארן שפּיטאָל. קראנקן־שוועסטער האָבן אַראָפּגעברענגט די קינדער און די מערדער אין גומענע הענטשקעס האָבן זיי איבערגענומען אין זייער רשות, ארייננגעשליידערט אין פארמאכטע מאשינען. זיי האָבן זיך נישט פארלאָזן אויף די שוועסטער, מ׳האָט פארוואָרפן א לאנגן פייערלעשער־זאַק און אזוי ארום אַראָפּגעקייקלט די קינדער דורך אַ ספּעציעלער עפענונג אין די וועגענער. אַ האַלבע שעה האָט געדויערט די גאנצע ארבעט און — שאַ־שטיל. מ׳האָט פריי געמאכט די גאסן. שפּעטער האָבן זיך מאַמעס געריסן ביי די האָר, געשלאָגן קאָפּ אין וואנט; געוויינען האָבן צעשניטן דאָס האַרץ, און העלפן קען מען זיך נישט, אזוי אומבאַהאָלפן, אזוי אומבאַהאָלפן!

אין א פּאָר טעג ארום איז דער פּרעזעס געפאָרן איבער די געטאָ־גאַסן און גערופן: „מאַמעס! גיט אייערע קרבנות!"

אַ טרויעריקן־דינסטיק אינדערפרי האָבן זיך די ערשטע מאַשינען געשטעלט אויף מרדכי־גבאַ־גאַס. יידישע פּאָליציי האָט זיך צעלאָזט איבער שטובן און שטאָק. מאַמעס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, האָבן די פּאָליציאַנטן מיט כוח ארויסגעריסן די קינדער פון זייערע אָרעמס. פון אלע זייטן האָבן פּאָליציי געברענגט צופירן די קינדער און ארויפגעשטעלט אויפן מאַשין. די קינדער דערשראָקן און בלאַס האָבן נישט געוויינט, זיי האָבן נישט באוויזן צו וויינען, אזוי שנעל האָט דאָס אלץ פּאַסירט; ערגיץ אָפּגעפירט, בליץ־שנעל איז אלץ פארשוואונדן. מענטשן האָבן זיך נישט געטאָרט דרייען דאָן אין גאַס. איך בין געשטאַנען אין דעם טויער, וועלכער איז געווען אַ דורכגאַנג אויף בזשעזשינער 5 — דאָרט האָב איך געוווינט. איך האָב אין מיר איינגעזאַפּט דעם גאַנצן ביטערן גורל איבער די קינדער; כ׳האָב געזען, געהערט און גאָרנישט נישט געקענט העלפן. ווער האָט דען געגלויבט, אז מ׳נעמט זיי צו, אז מ׳וועט זיי נישט צוריק אומקערן. מ׳האָט גערעדט, אז די קינדער נעמט מען אויף ערבות, מ׳זאָל נישט הרג׳ענען קיין דייטשן; מ׳האָט גערעדט, אז מ׳זאמלט זיי ערגעץ און מ׳האָט גע־גלויבט — — —

מרדכי־גבאַ־גאַס 18 אויפן ערשטן שטאָק איז איצטער אַ ברית פון אן אייניקל פון אלכסנדר־הויף. דאָס קינד ליגט אין אַ ווייס אויסגעפּוצט קישן; די שפּיצן הענגען אַראָפּ, אונטן זענען די שפּיצן געצעקלט און צווישן די צעקלעך רויטע קיילעכדיקע באַלעמלעך אויסגענייט. יוסעלע פיינער, דער לאָדזשער פּאַלאָווע (מיליטער) רב, אַ פריינט פון מיין פאָטער, זיצט אויפן „כסא של אליהו הנביא״; ער איז סנדק און דאָס קינד אויף אים. ——— ישראל, בן ——— להכניסו בבריתו של אברהם אבינו ——— כשם שנכנס לברית, כן יכנס לתורה ולחופה ולמעשים טובים — — —

מזל טוב! מזל טוב! די זאַנדער שטייט גרייט צו נעמען דאָס קינד, אָבער די מאַמע בעט זיך אָפּ, מ׳זאָל עס איר דערלויבן אָנצוזויגן, עס האָט נאָך היינט נישט געגעסן. זי זויגט אָן דאָס קינד, נעמט ארויס פון באַהעלטעניש אַ מזוזה, און לייגט אוועק נעבן קינד אין קישן אריין. זי אליין טראָגט

דאָס קינד ארונטער, אליין טראָגט זי עס צו צום מזבח... און די שפיצן פונקלען אין גראָען פרימאָרגן... דעם טאָג איז די זון נישט ארויס. דער גאנצער טאָג איז שוין געווען אַ טרויעריקער, א בלייכער און נאַסער. איך ווייס נישט, ווו איך בין, איך ווייס נישט ווו איך זאָל גיין און וואָס זאָל איך טון?! מיט שווערע מאַטערנישן בין איך ארויף אויף די טרעפּ פון בזשעזשינער 5. קיינער איז אין שטוב נישטאָ. איך עפן די טיר אזוי מעכאניש ווי כ׳וואָלט עס געטון אַ מאָל 10 אין טאָג. איך פאַל אויף דעם געלעגער. שווערע האַמערס שלאָגן אין קאָפּ. אלץ ברעכט זיך, אלץ פאלט איין — — טיף, טיף ערגיץ און שווערע קולות שלאָגן אָן און דער קאָפּ איז אזוי שווער — איך קען אים נישט אויפהויבן. האַמערס האקן פון ארום און ארום. אָט דאכט זיך מיר, אז ער צעפּלאצט אויף טויזנט שטיקער און צעפאלט זיך...

מ׳וועקט מיך פארן האנט. איך מאַך אויף די אויגן, איך ווייס גאָרנישט — דאָס האָט מיך איצינגער, דער דיכטער אין אונזער געטאָ אזוי געוועקט. הא, די טיר איז געווען אָפן? פארגעסן זי צו פארמאכן?! נישטאָ קיין גנבים אין געטאָ; יאָ, נישטאָ. ס׳איז דאָ אבלים און ס׳איז דאָ קיעראָווניקעס, וואָס די מערסטע לייגן צו אַ האַנט צום פארניכטונג. איצינגער נעמט דעם קאָפּ אין זיינע הענט און שטיקט זיך אין געוויין: הינדא! הינדא! מ׳האָט מיר צוגענומעןביידע קינדער!״ — אזוי זעצט ער זיך אַראָפּ אויף דער ערד. איך גיי אראָפּ פון בעט און גיי צו צו אים, איך לייג מיין האנט אויף זיין אקסל: „אלתר! אלתר! ווי מעג אַ ייד אזוי באוויינען אַ לעבעדיקן מענטש? דו ביסט דאָך אזא ערלעכער, אָפּגעהיטענער מענטש און ייד. שטיי אויף, די קינדער לעבן, זיי וועלן לעבן, זיי מוזן לעבן. מ׳שמועסט אז מ׳נעמט זיי אויף ערבות, אזוי זאָגט מען.״ קוקנדיק אזוי אויף מיר מיט גלויביקע אויגן, שטייט ער אויף, זעצט זיך צו; ער נעמט ארויס אַ קליין סידור׳ל פון טאַש און הויבט אָן צו זאָגן: „עוונות כי תשמר יה אדני מי יעמוד?! קויתי ה׳, קותה נפשי ולדברו הוחלתי...

מיר הויבן אָן צו וויינען אויף דעם גרויסן חורבן און אומגליק, אויף

דעם ווייבראַך וואָס איז געשען צו אונדזער פאָלק. האָט מען אונז שוין די קינדער אויך צוגענומען, אונזערע יידישע קינדער — — —

מיר האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אז מ׳זאָל אין געהיים גיין אין די שטובן לערנען די קינדער, וועלכע זענען נאָך פארבליבן אויסבאַהאַלטענע. צו דעם צוועק האָט מיר ראָזנשטיין, געוועזענער לערער פון עברית און רעדאקטאָר פון דער געטאָ־צייטונג, אָפּגעדרוקט אַ פעקל „אלף־בית״, מ׳זאָל דאָס קענען צעטיילן דעם קליינוואַרג. איך האָב שוין דאָס שליחות נישט אויסגעפירט. במשך פון 4½ חדשים איז מיר אוועקגענומען געוואָרן דער ליכטיקער טאטעשי ז״ל און די צארטע מאמע.ביידע אין יונגן און בליענדן עלטער — זענען פון הונגער געגאנגען פון דער וועלט. דאָס איז געשען אַ פאָר חדשים נאָך מיין קינדס טויט. איך האָב אָנגעהויבן פיבערן אָן אויפהער; מיין רעכטע לונג איז געוואָרן פ א ר נ ו מ ע ן. איך האָב מיך געלייגט אין בעט אריין אויף גאנצע 6 חדשים. איצינגער האָט זיין שליחות אויסגעפירט בשלמות. אַ גרויסער הייליקער ייד איז איצינגער, וועמענס האַרץ קלאַפּט אזוי ווארם פאר אונזער געפייניקט פאָלק.

איך האָב אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון בעט. ס׳איז געווען אַ מורא איך זאָל ליגן צו בעט, איך בין געזונט געוואָרן, אָבער נישט אינגאַנצן. אַ נס! גאָט אליין ווייסט ווי אזוי...

# איך ארבעט ווייטער

ווען איך וויל שרייבן אַ דאַטום, געדענק איך אים נישט. איבעריקנס — וואָס זאָגט דען די דאַטע? עס זאָגט דאָס אָרט אין דער צייט און געשעענישן. מ׳האָט מיך צוגעטיילט צו מארישין. דער פרילינג האָט זיך אָנגעהויבן אויספּיקן, די זון האָט געגומען ווארעמען, דער שניי איז צעגאנגען. מיר האָבן ארויסגעשטעלט בענק אינדרויסן, די קינדער האָבן זיך אַוועקגעזעצט. אזוי האָבן מיר געלערנט אויף דער לופט; אויף צו שרייבן, זענען מיר אריין אין שטוב. איך בין געגאנגען מיט די קינדער שפּאצירן, מיר האָבן אָפּגעריסן צווייגעלעך פון בוימער, ארייגעשטעלט אין וואסער. קאשטאַן־קנאָספּן, ווערבע־קעצעלעך האָבן זיך צעעפנט. קינדער האָבן געהאַט פרייד דערפון. איך האָב געשריבן מעשה׳לעך, אין וועלכן די העלדן זענען געווען חיות, פייגל. איך האָב זיי דערציילט פון זייער חיה׳שן לעבן, אז אויך דאָרט גייט אָן אַ קאמף צווישן לעבן און טויט. יעדעס באשעפעניש ראנגלט זיך מיטן לעבן און זיגן זיגט דער, וואָס האָט אַ שטאַרקן ווילן; גוט איז דעם, וועלכער קען אָנשטרענגען זיינע חושים אין געפאַר; ער שטרענגט אָן זיינע חושים אין אן אומגליקספאַל און ראטעוועט זיך פון אונטערגאנג. יעדער וואָס לעבט האָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן. ווען דער מאָרגן קומט, ווייסט קיינער נישט. דאָס איז אַ נישט־אויסגערעכנטע זאַך. ווי אומבאַהאָלפן בין איך, ווי נוצלאָז בין איך, אז נאָר לידער און מעשה׳לעך שרייב איך פאר קינדער, און העלפן זיי דערהאַלטן, קען איך נישט. אזוי פיל לעבן, שוואַך לעבן אוועקגעשענקט די שול — אויף וואָס? און דער טרויעריקער טאָג איז געקומען! ווער ווייסט, וואָס די קינדער טראכטן דאָרט וועגן

אונז?! מ׳האָט מיט זיי נישט געלערנט דעם אמת?! אָבער ווייסט ווער דען וואָס מ׳טוט מיט די אלע, וועלכע מ׳שיקט ארויס פון דעם געטאָ? מען איז דאָך אין אַ שטייג, אין אַ תפיסה, ארומגערינגלט מיט שטאַכל־דראָטן און אלע יעדע 10 מעטער שטייט אַ וואַך. ארום די געטאָ בלויז דייטשע קאָלאָניעס, אז מיט ווען אָנקניפּן עפּעס פאַקטישעס, מיט וואָס העלפן די קינדער? ווי, ווי צו די יאָרן!

לערער זענען געגליכן צו טאַטע־מאַמע: זיי ווייסן, אז דער מענטש ווערט געבוירן און ליידט, און דאָס געבוירן און האָדעווען איז נישט קיין אייביקייט, און דאָך זעצט מען פאַר דעם מין, און מ׳האָט קינדער און מ׳האָט זיי ליב. כל המלמד את בן חברו, כאילו ילדו. האָט מען דען געוווסט, וואָס עס וועט זיין? ווייסט מען דען יעצט, וואָס עס וועט זיין? און אַן שלעכט וויל מען פאַרגעסן און פאַרשיכורט זיך אליין, מ׳וויל לעבן, מ׳וויל די קינדער זאָלן האָבן פרייד און זיי זאָלן לעבן. מ׳האָט באשיינפּערלעך געזען, אז ביים לערנען האָט זיי געפעלן אַ מעשה, אַ ליד, — האָבן זיי באמת פאַרגעסן אין הונגער, געשמייכלט צופרידן. צופרידן זענען געווען די געטאָ־קינדער — וואָלט מען פרעגן א פאַרמשפּט׳ן, צי ער גלויבט אין טויט, מיט וועלכן ער דאַרף אומקומען, וועט ער ביז דער לעצטער מינוט נישט געבן קיין באשייד. מ׳גלויבט, אז מ׳וועט איבערהאַלטן, מ׳גלויבט, אז עס וועט קומען אַ בעסערע צייט און מיר וועלן ווערן באפרייט פון די מערדער און רוצחים. און אפשר וועט גאָט נאָך געבן, אז מיר וועלן דערלעבן נקמה אין אונזער לייב־שונא. נקמה! — דאָס האַרץ איז קראַנק און דאָס בלוט זידט.... העלף גאָט! מיר זאָלן איבערלעבן, אונזערע קינדער זאָלן איבערלעבן, זענען זיי דאָך אונזער שטאָלץ פון פאָלק, אונזער צוקונפט. מיר אלע ווילן אזוי לעבן, אזוי שטאַרק לעבן, גאָרנישט נאָך זיך אָנגעזען אויף דער גרויסער שיינער וועלט, — בלויז צער, בלויז פּיין, ליידן אָן אַ שיעור....

## א דאנק דיר זונעלע

דער שניי איז צעגאנגען,
דער פראָסט איז אוועק;
אַ וואסער פון שניימענטש
פון ווינטער אַ פלעק.

גרין דער פרילינג,
הימל בלאָ און ריין;
א דאנק דיר זונעלע
פאר דיין ליכטיקן שיין.

## פארן יום־טוב

צו די ווערבע נעבן טייך
האָט די זון געכאפט א בליק;
און זי׳ האָט איר בערצעלע
מיט ווארעמקייט באגליקט.

געוועקט די קנאָספּעלעך
פון לאנגן ווינטער־שלאָף;
שוין גענוג געשלאָפן, קינדער,
דער ווינטער גייט צום סוף.

אין קעצעלעך אויסגעצירט
שטייט ווערבע די כלה גרייט
פאר דעם גרויסן יום־טוב פרילינג
אין איר זילבער חופה־קלייד.

## הו הו הו!

הו הו הו ווינטעלע,
הו הו הו קום גיכער,
איז זון אין וועג שוין אויך,
איז דער פרילינג — זיכער.

הו הו הו מאך אַ וועג,
טרוקן פעלד און וואלד
פאר די ליבע גוטע געסט
וואָס קומען אָן שוין באלד.

אָטאָ אָטאָ אויף דעם בארג
טשווירקען שוין די פויגעלעך;
זיי קערן אום צוריק —
פריילעכע צו קינדערלעך.

## קאשטן-קנאספּעלעך

האָבן מיר צווייגעלעך,
פול מיט קנאָספּן ברוינע,
אין הארטן שאָל אָנגעטון;
קלעבעדיקע אזוינע,
קלעבעדיקע אזוינע.

וועלן מיר זיי טרינקען געבן,
שטעלן פאר דער ליבער זון;
וועלן זיי זיך צעצוויטערן,
ווערן פארביק ראָז און גרין,
ווערן פארביק ראָז און גרין.

און ס׳וועט יעדעס בלעטעלע
גרעסער וואקסן גערן,
פון אַ יעדן בלימעלע
וועט אַ קאשטן ווערן,
וועט אַ קאשטן ווערן.

## זומער־רעגנדל

כמאַרעלעך זיך ציען
יאָגן אַלע אין געהעט,
ווער פריער פאַר קליינוואַרג
אַ רעגנדל ברענגען וועט;
קאַפ־קאַפ־קאַפ,
קאַפ־קאַפ־קאַפ...
אַ רעגנדל ברענגען וועט.

רופט איינס אויס מיט פרייד:
פאַר גרויס און פאַר קליין
אַלע זאָלן זיין געזונט,
וואַקסן זאָלן קינדער שיין...
קאַפ־קאַפ־קאַפ,
וואַקסן זאָלן קינדער שיין.

איך פאַר בוים און גראָז
שוין אַ צווייטעס רופט:
פאַר מאָן, רעטעך, קאָפּער
און שוין פאַלן ס׳פּרוווּט
קאַפ־קאַפ־קאַפ
און שוין פאַלן ס׳פּרוווּט...

און איך פאַר קאַרטאָפל,
פאַר דעם ברויט — עס שרייט —
טרינקען וועל איך געבן
צו יעדער סקיבע און בייט —

קאפ־קאפ־קאפ,
קאפ־קאפ־קאפ,
צו יעדער סקיבע און בייט.

און איך, און איך, און איך,
טאנצן אלע אין וואָלקן־צוג;
באלד וועט רעגן פאלן
און ס׳וועט עסן זיין גענוג...
קאפ־קאפ־קאפ,
קאפ־קאפ־קאפ,
און ס׳וועט עסן זיין גענוג...

## מאי־טעג

גאָרטנס קלונגען,
מאי־רעגן פאלט,
סעדער זינגען,
מאי־רעגן פאלט.

אויסגעצוואָגן —
בוים און פעלד;
יונגע שפּראָצן
אויף פיס געשטעלט.

און ריין־געוואשן
לופט און וועג —
האָט אַ רעגנדל
אין מאי־טעג...

## שבועות

היי שבועות, היי שבועות,
אָ דו יום־טוב גרינער, שיינער,
לויפן קינדער אויף די וועגן
אין הויז ס׳בלייבט נישט קיינער.

זיי לויפן רייסן צווייגעלעך,
נאָר פרישינקע וואָס שמעקן,
און אין פענסטער גיכער דאָרט
דאָס גרינס צו פארשטעקן.

פרייען זיך טאטע־מאמע,
קינדער זאלבעדריט — — —
און אין דרויסן לאכט דער זומער,
מיט קארשן, עפל־צווייט.

## מיין גארטן

ווונדערשיין איז מיין גאָרטן,
וואָס איר ווילט וואקסט דאָרטן;
פון אַ בלום, קארטאָפל, מער,
גאָרנישט פעלט אין אים —
איך שווער.

ערשטע בייט, ברודערלעך,
צווייטע בייט נעגעלעך,
סאמעט טראָדזעלעך באזעצט
איז טערקיש גערשט צעהעצט.
דריטע בייט ווייטער בלומען,
פון לעווקאָניע פארנומען;
אין דערמיט אויף טיילן צוויי,
רעזעדע־גראָזן אלערליי.
סאלאט, באָרקעס מינים פיר,
קארטאָפל־בייטן אָן א שיעור;
ארבעס, אוגערקעס ביים פלויט —
מיין וונדער־גאָרטן אלץ ער האָט.

# סעדל

ס׳קערשןביימל שטייט און קויקט,
סעדל איז פון אלץ באגליקט:
פון טוילעך באגלאנצט
פון מילך שטראלן צעטאַנצט.

לינקס דאס עפל ביימל קוועלט
גוט ס׳איז זומער אויף דער וועלט.
און די בארנע און די פלוים
האלטן אָטעם איין שוין קוים...

זעט קוסטעלע מאלינע
פון סאָד די א פרינצינע —
גיט אַ ווונק צום ניסן־בוים.

און אין סאָד זיך הערן קלאנגען —
ליפע האָט די בין געפאנגען,
און די גריל פידלט צו:
אַ לעב אונדז לאנג זומערניו!

לעב אונדז זומער, יונגער פרינץ
טו מיט אונדז א שפיל אין בלינץ,
לעב אונדז זומער לאנג און לאנג
מיר טראָגן דיר אגרויס געשאַנק...

## קוקוריקו

צווישן ביימלעך לילא בעז
אונטן טיף אין הויכן גראז
קינדער צוויי מיט פלאטערלעך —
לאַכן, ווייסן נישט פארוואס.

קעפליך שווארצע זון באגילדט
טונקל — גראנאט זיי שלאָגן אן
לאכן קינדער, לאכן, לאכן!
און ס׳קרייעט רויטער האן...

ווארט מען אויס טראפן גאָלד
קוקוריקו שרייט דער עסער
לאכן קינדער, לאכן, לאכן —
נאך רעגן וואקסט מען גרעסער.

## ס׳אנטלויפן האפן

קוקוריקו! ריקוקו!
אויפן פארקאן אויבן אן
האט דער האן זיך צעקרייעט —
אין גארטן רעגן זאגט אן.

ווערט אַ גרויסער טאראראם
יעדעס בלאט האט מיילער דריי;
שושקען, שארכן, מאטלען צו
א קלייניקייט רעגן פאר זיי?

צווייגן געגן־איבערדיגע
ביי די ארעמס זיך האלטן
ווארטן אויפן ווינט דעם קונדאס,
אויף זיין ניגון דעם אלטן...

הערן זיך איין די שפיצן־ביימער
העלפן זיי ליארמען צו
ווינקען זיך איבער מיט בייט
דער האן ער קרייעט אן רו.

בזזז — פארקריכן בינען, פליגן
אין די שפאלטן פון דעם שטאם
דאס זומער ־ווינטל איז דא?
גרעסער ס׳וועט דער טאראראם

כליופען, כליופען, בול, בול, בול!
ציט דער ווינט נאָך זיך טראפן,
נאר דערשראָקן האָט זיך כמיעל
ס׳אנטלויפן זיינע האפן.

# א געבעט

מיט לאפּעטע אין האַנט,
גראַבליע אויך באַזייט
טיף געבויגן שטיי איך —
צערייב אַ בייט נאָך בייט

ראָוּקעלעך כ׳מאַך פאַר זוימען,
מיט פולער האַנט לייג און שיט...
כ׳גלעט אַ בייט נאַך אַ בייט
אַ סטעזשקעלע אין דער מיט ——

נעמט מיין הערצל צאַפּלען
און עפּעס שרעקט מיך שוין
ווען אויפגיין וועט מיין בייטל
זאָל איך גאָט — עסן מיין לוין...

## בארופקעס

פארביק, זאפטיק הענגען
צווישן ווייכן גרינעם גראז
בארופקעס, בארופקעס!
מיט קעפעלעך רויט און ראז.
זיי באשאפן האט די ערד
זי איז שווארץ און זי איז פעט
ווען באוואסערט האָט א רעגן,
זון געווארעמט און געגלעט.

אהער קום! אהער!
רופן, רופן זיי פון ווייט
בארופקעס רייסט א סך,
קיינער האָט זיי נישט געזייט,
זיי באשאפן האָט די ערד,
זי איז שווארץ און זי איז פעט
ווען באוואסערט האָט אַ רעגן,
זון געווארעמט און געגלעט...

# דער ווינט

איז ער דער ווינט פון ווייטן
געקומען
געזוכט און גענישטערט קיין אָרט
נישט געפונען
איז ער אין פינצטערע הייזלעך
אריין
און דאָרט געזייעט צער און פיין...

געזוכט און גענישטערט אויף בוים
און אויף מיסט
ביז ס׳האָט זיך אים ענדליך אַ
שפּיל טון פארגליסט
האָט ער פּאפּירלעך אין טאנץ־ראָד
גענומען
מיט שטויב פאר די הענט אין
לופטן געשוואומען

אויף רעכטס און אויף לינקס
געשמיסן, געקערט
ביז ער איז א מידער געפאלן
אויף שטיין און אויף ערד...

## ביים שפיגל

חנה׳לע האָט ס׳ווייסע קלייד
באנייט,
זיין וועט שיין האט זי געמיינט
מיט דעם בלאָען שערעמל —
שפאצירענדיק געגאנגען היינט.

מאמעשי! מאמע קרוין!
צי וועט א רעגן זיין?
איך ליב אזוי דאָס קלייד
עס איז דאָך מלא חן.

שטייט חנה׳לע ביים שפיגעלע —
מאמעליו! זע ווו כ׳בין שוין
גרויס!
קוקוריקו! וואָרנט הענדעלע
טו דיין קליידל אויס —
ס׳וועט אַ רעגן גיין.

# אווגוסט

א קאפריזנער אווגוסט איז
מיט גלאָץ־פאַרטרערטע אויגן,
עפּעס וויל ער עפּעס פאַרט
אין ברוגז אנגעבויגן.

ער האלט זיך ביי דער מאַמענס
שירץ
מאמע! איך בין נישט זיכער
קומט א דונער אַ בליץ צוגיין
צורייסט מיין לייב אויף שטיקער

זיין לייכט גראָזן־העמדל
יונגער וויכער יאָגט און פלאגט
שיינט שוין יא און לייכט די זון
נישט זיכער איז זיין יעדער טאג...

פלוצים א קוטארע גרא,
ווייט און ברייט פארציט דעם הימל
קומען כמארעס שווארצע אן
מאכן אן א גרויס געטומל

כליפּ, כלאפּ! כליפּ כלאפּ!
פארטראָגן אים אין מיסט אריין
גאר באלד קומט אן די זון
מיט איר גאָלד ליכט און שיין...

אסאך מאמעס האָבן די קינדער אויסבאַהאַלטן. פאר אויסבאהאלטענע קינדער הויבט זיך אָן א גיהנום. די מוטערס מוזן ארבעטן און די קינדער בלייבן אינדערהיים פארשלאָסענערהייט אויף אַ גאנצן טאָג. זיי בלייבן אין די קאלטע, ווילגאָטנע, בלייכע שטובן, אָן לופט, אָן עסן, אָן ליכט און אָן זון. מ׳האָט מורא צו באווייזן זיך מיט קינדער אין גאס. ס׳קען קומען אַ פריש אומגליק. ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען. אַ טייל מאמעס נעמען מיט די קינדער אין די רעסאָרטן, באהאלטן זיי אונטער דעם טיש, אונטער דער באנק, אָבער דאָרט פילן זיך די קינדער גוט, נאָנט ביי דער מאמען, ס׳זענען דאָ נאָך קינדער, מיט וועמען זיך צו שפילן. דאָס קינדער־הארץ לעבט אויף, נאָר נישט אליין, נישט אליין.

אַ צייט האָט דער פינסטערער געשפענסט געמאַטערט, אָבער אביסל אָפּגעלאָזט. אָט, האָט מען ווייטער געמיינט, אז די געפאַר איז פאָריבער. מ׳האָט ווייטער געזען קינדער אין גאַס, לעבעדיקע, שמייכלדיקע און טאנצנדיקע; קינדער זענען דאָך אזוי געגליכן צו דער זון: מען קען איר ליכט נישט פארשטעלן, פון גאנג נישט איינהאלטן, זי מוז זיך אויסלעבן אין איר קראפט. טייערע, ליכטיקע קינדער! לייכטנדע זונעלעך אויף אונזער פארטרערטער ערד און אויסגעמוטשעטע יאָרן, — ארום אייך דרייט זיך דאָך דאָס פארכשופטע ראָד, וואָס הייסט לעבן. איר! טייערע קינדער! זענט דער אינהאַלט און די שיינע פאָרם פון לעבן וואָס דערמעגלעכט צו ליידן און אויסדויער. איר זענט יום־טוב, איר זענט פרייד.

לעבט אונז קינדער, וואקסט געזונט, וועט זיין פרייד און ס׳וועט זיין גליק.

אָרעמע געטאָ מיינע! ווי זעסטו אויס אָן קינדער? אַ חרב׳ע היים, אן אָפענער קבר, אן אָפּגרונט פון צער.

ווייטער אן אויסזידלונג! שוין נישט פון קיין קינדער, בלויז נאָר פאר טאטעס, טאטעס מיט מאמעס מיט קינדער, פאר גאנצע משפחות... ביינאַכט קלאַפּט מען אין מיין טיר. מיט וואקלדיקע פיס גיי איך צו עפנען, איך ציטער ווי א אָשיקע־בלאט אין הארבסט. ווער איז? — פרעג איך

א האַלב־טויטע. — איך — רופט זיך אָן מיין שוועסטער חנה׳לע. חנה׳לע איז געקומען פון מארישין מיט 5 יינגלעך און מיט זייער דערציערין לאנגאָווא. שושקעט (ווייל רעדן האָט מען מורא, אונטן אויפן צווייטן הויף געפינט זיך די רעזידענץ פון דער קריפּאָ), אַז מאָרגן וועט מען קומען נעמען די קינדער. די ליסטע מיט די נעמען האָט ליפּמאנקע צוגעשטעלט דעם פּרעזעס. קיין איין דערציער טאָר נישט פאַרלאָזן דאָס אָרט פון היינט אָונט אָן. ווער ווייסט, ווי ס׳וועט אויסזען. אפשר וועט זיך נאָך איינגעבן צו ראטעווען נאָך קינדער. מיר האָבן אויסגעשפּרייט קאָצן אויף דער ערד. געשלאָפן איז מען שין נישט. שפּעטער הער איך ווייטער קלאַפּן. אין דער פינסטער בין איך צו צו דער טיר און פרעג ווער ס׳איז. — מאכט אויף, אַ יידיש קינד — איז דער ענטפער. איך האָב אָנגעצינדן אַ קליין ליכטל און געעפנט די טיר. ס׳איז אריינגעקומען א פרוי מיט דריי קינדער, מיט וועלכע איך האָב געשלאָסן באקאנטשאפט אין דער גאז־קיך. (אין געטאָ איז נישט געווען קיין ברענמאַטעריאל צום קאָכן עסן, האָט דער פּרעזעס געעפנט אַ פּאָר גאז־קיכן אין געטאָ; אהין האָט מען געטראָגן דאָס טעפּל אָפּצוקאָכן דאָס עסן און געוואַרט שעה׳ענלאנג אין דער ריי). זי דערציילט, אז זי האָט באקומען אַ צעטל צוצושטעלן זיך מיטן מאן מיט די קינדער אויף מאָרגן אינדערפרי. דאָס זויג־קינד וויינט, די ברוסט העלפט נישט. מיר מאכן אַ צוצעק פון א טיכעלע מיט אביסל צוקער — דאָס העלפט אויך נישט. דאָס קינד וויינט — ווער ווייסט, צי מ׳הערט נישט אונטן, אין דער קריפּאָ? אָט זאָגט מען, אז זיי האָבן אפּאראטן וואָס ציען צו מענטשלעכע שטימען. נו וואָס? — ס׳איז אָך־און־ווי צו אונזער לעבן! אזוי צי אזוי איז ביטער און קיין אויסוועג איז נישטאָ... אזוי צי אזוי —זענען מיר פארלוירן, וועט די קריפּאָ הערן?! זאָל זי הערן, וועט זי קומען נעמען? זאָל זי נעמען, רוען טאָר מען נישט — „שמור נפשך״, יאָ, „שמור נפשך״! ווי לאנג מ׳קען זיך ראטעווען, דארף מען נישט אָפּשטיין. מיין שוועסטער האָט גענומען דאָס קינד אין אירע הענט, זי האָט עס ווארעם איינגעוויקלט און געשאָקלט ביז ס׳איז איינגעשלאָפן.

מ׳מאכט געלעגער. פארוואָס די פרוי איז געקומען ביינאכט, איז פארשטענד־לעך: פּאָליציי האָט געוווּסט, אז ווער ס׳באקומט איינלאַדונגען באהאלט זיך אויס, פלעגן זיי קומען ביינאכט, גענומען פון די בעטן אויף טשארניעצ־קיעגאָ אין זאמלפונקט אין דער תּפיסה.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָב איך די יינגלעך אריינגעפירט אין קלאָזעט; יעדעס יינגל האָט זיך געזעצט אין זיין טייל. מ׳האָט זיי אָנגעזאָגט, נישט צו רירן זיך פון אָרט ביז מיר וועלן באקומען ידיעות פון מארישין. חנה׳לע איז ארויסגעגאנגען אויף מארישין צו זען, ווי די לאַגע באשטייט דאָרט. די מוטער מיט די קינדער האָבן מיר פארשלאָסן אויף אַ שלאָס און מיר זענען אוועק צו דער ארבעט. איך אלס לערערין, איז מיין ארבעט נישט געווען קיין פּראָדוקטיווע, האָב איך מיך געקענט באפרייען פריער. ווען איך בין געקומען צוריק פון דער ארבעט, האָט שוין חנה׳לע געוואַרט אויף מיר. זי האָט דערציילט, אז אלע קראנקע קינדער האָט מען איינגע־שפּריצט לומינאַל... דאָס האָבן געטון די דאָקטורים אויף זייער אייגן געוויסן. און אלע 600 קינדער — גרויס און קליין — האָט מען פארזאמלט אנטקעגנאיבער דער קיך, אויפן גרויסן פּלאַץ. זיי שטייען נאָך יעצט אויך אָן אַ לעפל וואַרעם וואסער. די זאָנדער־פּאָליציי רינגלט זיי ארום און לאָזט קיין דערציער נישט צו. ליפּמאנקע מיט אירע מיטמענטשן זענען געטריי דעם פרעזעס און פולן אויס דאָס שטיקל ארבעט... קינדער גרויסע האָבן געוואָלט אנטלויפן, מ׳האָט זיי נישט דערלויבט צו ראטעווען זיך. די קינדער שרייען, וויינען — איינס רופט: פּיפּי, איינס ג ר ו י ס. קינדער פאלן מידע, הונגעריקע. הערצער זענען קאַלט, הערצער זענען שטייף... מיין גאָט! טוען דאָס דאָך יידן, זיי מאָרדן אונזערע קינדער, גיבן זיי איבער אין די הענט פון שונא... חנה׳לע איז ווייטער אוועק אויף מארישין. די יינגלעך זענען נאָך אלץ אין קלאָזעט. וואָלף צענדער, דער מוזיקער, האָט געוווינט אין איין זייט אלטשטאָט, אויפן דריטן שטאָק; איך האָב דאָרט ארויפגעפירט די יינגלעך. דאָרט זענען זיי געווען דריי טעג, נישט געוויזן זיך אין גאס אריין.

אויף דער נאַכט קומט חנה׳לע צוריק. איך האָב זי נישט דערקענט. אויסגעשראָקענע אויגן, דאָס פּנים געל, די האָר צעכראַסטעט. זי האָט שוין גאָרנישט דערציילט, זי האָט אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן טיש און זיך צעוויינט... מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעמען... ווען זי האָט זיך בארואיקט אַביסל, האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן: מ׳האָט די קינדער געלאָדן אויף לאַסט־מאַשינען; געווען אַסך פון זיי שוין טויטע. מ׳האָט נישט געקוקט — אַלץ און אַלע האָט מען געלאָדן — מיט דער מיטהילף פון פּאָלאַ ליפּמאַן, דעם יידישן קאָמיסאַר אויף מאַרישין. זי מיט אירע מיטמענטשן האָבן צוגעהאָלפן אומברענגען און אויסראָטן אונזער פאָלק, אונזערע קינדער. זיי האָבן פאַרקויפט זייער שטאַם, זייער שטאָלץ, זייער פאָלק. פאַר ברויט, פאַר פערד־פלייש, פאַר אַ צוטייל ארויסגעפירט 600 קינדער אויפן מזבח, — קיין איין קינד נישט דערלויבט צו אַנטלויפן.

ווען דאָס בייזע שווידערלעכע געוויטער האָט זיך איינגעשטילט, איז די פרוי אהיים מיט אירע קינדער און די יינגלעך מיט דער דערציערין זייערער האָבן באַקומען אַ שטוב אין געטאָ. זיי האָבן געאַרבעט אין רעסאָרטן און די דערציערין האָט פאַר זיי געקאָכט, געוואַשן, געווען זיי אַ מאַמע און אַ טאַטע.

אַ פּאָר טעג דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איין יינגל, נישט קוקנדיק אויף אַלע, איז געלונגען צו אַנטלויפן פון אומשלאַג־פּלאַץ. מען האָט אים געפונען אין קלאָזעט אויף מאַרישין. דאָס איז גראָד געווען אַ צוריקגעשטאַנען קינד.

מיט די יינגלעך און זייער דערציערין האָב איך זיך געטראָפן אָפטער. יידישע יינגלעך — אַ ברכה צו מאַכן איבער זיי — שענק זיי גאָט לעבן! זאָלן זיי איבערהאַלטן דעם חורבן, נעם זיי נישט צו פון אונזער געפייניקט פאָלק, לאָז זיי אונז איבער — די אויסגעציטערטע, אויסגעפּיבערטע, די לעצטע צווייגעלעך פון קיום־ישראל; היט זיי און באַשירעם פון אַלדאָס שלעכטס און אַלדאָס בייז! — — —

# אין מעטאל-רעסארט נומער 1

נאָך דעם גרויסן אומגליק האָט מען מיך צוגעטיילט צו דער מעטאל־פאבריק נומער 1. ס'איז געווען נאָך איין פאבריק נומער 2. אלע לערער און לערערינס האָט מען צעשיקט אין די רעסאָרטן אריין צו אויפזען איבער דער יוגנט. מיך האָט מען געשיקט אלס סאניטארין, ווייל איך בין שוין געווען שוואַך צו לערנען מיט עלטערע יינגלעך.

אין דער פאבריק איז געווען לייטער כימאָוויטש, אַן אויסגעלאסענער גראָבער־יינג. די מערסטע קיעראָווניקעס אין געטאָ זענען געוואָרן אויסגע־לאַסן און געפירט אַ געמיין, דעמאָראליזירט לעבן. די מערסטע האָבן געהאַט ליבהאָבערינס, יונגע מיידלעך. דער געמיינסטער עלעמענט איז געוואָרן דער הערשנדער פאקטאָר. ווען פון טאָג צו טאָג דאָס פאָלק איז געוואָרן איינגעשרומפן, אויסגעמאָרדעוועט, אויסגעשאָסן און אויסגעזידלט, האָבן זיי געהוליעט, געשיכורט מיט ווייבער, גאנצע נעכט געשפילט אין קאָרטן. נאָך דער אויסראָטונגס־אקציע איבער די קינדער אין מארישין, האָבן זיך ארייגעקליבן פיל קיעראָווניקעס מיט ווייבער און קינדער און האָבן געלעבט יענעם טאָג... יעדן טאָג איז ארויסגעגאנגען אַ פריזיערקע צו קעמען די ווייבער און צו מאכן מאניקיר. פון די ארבייטערינס פון די רעסאָרטן האָבן זיי זיך גענומען ווען זיי האָבן געוואָלט צו באדינען זייערע הייזער: קאָכן, וואשן, פוצן, באקן. זיי, וועלכע האָבן געפירט דאָס רעדל, האָבן געקריגן צוגעטיילט פון כל־טוב. כימאָוויטש איז געווען אַ דעספאָט און אַ שטיק דעגענעראט. געשלאָגן האָט ער די קינדער מערדער־לעך; געפאטשט אין פנים — האָט אים ווער ביי דער ארבעט נישט געפעלן, האָט ער גענומען זיין אדרעס און ביינאכט האָט מען יענעם גענומען פון בעט ארויס און אוועקגעשיקט.

אהינצו האָט מען אויך געשיקט צענדערן אלס ביוראַליסט. מיר האָבן באלד צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן אַ קולטורעלע טעטיקייט. צענדער האָט אָרגאַניזירט אַ כאָר פון יינגלעך און ארבעטער דערוואַקסענע; אויך אַן אָרקעסטער פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געשפּילט אין געטאָ: 2 פידלען, איין וויאָלאָנטשעל, 2 ווייסע הארמאָניעס, פּיאנינאָ. 90% פון די ארבעטער האָבן געבילדעט קינדער, יוגנטלעכע. אין אלע צווייגן פון מעטאַל זענען זיי געווען פארטרעטן; דאָס זענען געווען יינגלעך אין עלטער פון 10—12—14 יאָר. זיי האָבן געארבעט אינטענסיוו, ארויסגעגעבן פּראָדוקציע אונטער דער אויפזיכט פון גרופן־פירער. דאָרט האָבן מיר אָרגאַניזירט א גרופּע קינדער, וועלכע האָבן געזאָלט פאָרשטעלן, דעקלאַמירן, אינסצע־ניזירן. יעדן חודש האָבן מיר איינגעאָרדנעט קאָנצערטן. ס׳זענען געקומען די ארבייטער, לייטער פון רעסאָרט און די ארבעטנדיקע קינדער.

איך האָב געשאַפן אַ גאנצן ציקל לידער און דערציילונגען פון רעסאָרט־לעבן, און דאָס אַלץ איז געוואָרן אויסגעפירט אויף דער סצענע. ס׳איז אויך געווען אין דעם קרייז אַ ביבליאָטעקאר, זאָנענבערג. ער האָט שיין געליינט שלום־עליכם׳ן, י. ל. פּרץ׳ן און נאָך אנדערע יידישע שרייבער. וואָלף צענדער האָט צו דעם אלעמען צוגעגעבן מעלאָדיען און דער כאָר מיטן אָרקעסטער האָבן דאָס אויסגעפירט.

## ביי דער ארבעט
## ביים מאשין

טורו, טורו, טורו!
די פיסלעך העכער כ'הייב;
טורו, טורו, טורו!
מאשינדעלע דו טרייב — —

אנעטל נאָך א נעטל,
אזויפיל שוין געמאכט — — —
א שניי ליגט אויפן דראָט,
שוין פאלט צו די נאכט.

ווען אהיים כ'וועל קומען,
וועט שוין פינצטער זיין;
טאר איך מיך נישט זוימען —
אין „לאדען" מוז איך גיין.

וועט די מאמע רעטעך רייבן,
מאכן דערפון א גוטן רייז — —
און אַ פלעצל פון שווארצע־קאווע
אַ מחיה, וועט דאָס זיין אַ שפייז...

טורו, טורו, טורו!
אזוי פיל שוין געמאַכט!
העמדלעך און קליידעלעך —
יעצט פאלט שוין צו די נאכט — —

# מיט מאשין

מיט מאשין, שער און אייזן,
טוען קינדער ווינדער ווייזן;
שטאך און שטאך טוען וועבן,
קינדער העלפן בויען ס׳לעבן.

טורו, טורו, רעדער דרייען,
שטעפן נאָדלען און זיי נייען,
צשאך! צשאך! — די שער זי
שניידט.
פו, פו פו! דאָס אייזן פרייכט.

און פון נאדל פריש אוועק,
ווי אַ לאנד נאר, ווי אן עק;
פון געטאָ העט אין וויט — —
וועש און קלייד, וועש און
קלייד — — —

## מ׳שלעפּט זיך

א, שלעפּט מען זיך פאַרמאַטערטע,
רק אין צרות, רק אין זאָרגן;
אַ שלעפּט מען זיך פאַרציטערטע,
און מ׳ווייסט נישט וועמענס
מאָרגן...

האָסטו נאָך אַ דאַך, א בינטל
שטרוי?
דערמיט לאָמיר זיך קוויקן;
ווייל יעדע רגע אַ חיה־רעה
לויערט און וויל פאַרציקן...

חאַטש מיט שפּל וויינט די היים,
זי איז אויסגעוואָרצלט און
פאַרוויסט;
אביסל פאַרשיקט, אביסל אויסגע־
שטאָרבן —
די פּאַריתום׳טע שוועל זיך קושן
גלוסט...

## מיר ארבעטער קליינע

מיר קינדער פון שאָפּ,
פייל אויס בויגן גרינגער,
מיר בויגן נישט דעם קאָפּ,
נישט פאר קעלט און נישט פאר
הונגער...

העי, העי פּראָדוקציע!
שלאָגן מיר אקארד,
מיר ארבעטן קליינע —
די גווארדיע פון רעסאָרט...

## חנוכה

הײנט איז אַ יום־טוב,
אַ שײנער אויף דער וועלט.
ניטאָ שוין דער טאַטע,
ניטאָ שוין די מאַמע —
זיי זאָלן טיילן חנוכה־געלט...
צינדט ליכטעלעך מיין שוועסטערל,
גאַנצע אַכט טעג
גאַנצע אַכט טעג...

מיין שוועסטערל צינדט אָן —
וויינען מיר דערביי...
ס'וועט נאָך גוט זיין, זי זאָגט —
מיר וועלן ווערן פריי.
אַזוי דערציילן ליכטעלעך — אַכט,
אַזוי דערציילן ליכטעלעך אַכט...

# קינדער שמידן

דריי יאָר!
גרויסער חלום!
גרויסער וואר...
ארבעט! ארבעט!
דא, דארט, אומעטום,
אין שאָפּ, אין קעלער, אין קראָם,
ארבעט!
זאָל עס יעדער אין געטאָ וויסן,
טראָגן זיך אין אָרעמקייט די רייד,
זאָל עס יעדער האָבן אויפן געוויסן,
צו יעדן רוף זיך שטעלן גרייט.
און אין דריי יאָר ארום
וועט עס קלאפּן אומעטום
ווי אַ זייגערל — — —
אזוי האָט אין גאס, אין געטאָ־גאס
געלערנט און געמאנט פּרעזעס
רומקובסקי,
אזוי האָט דער אלטער געטראכט,
און גענומען זיך צו דער זאך —
ארבעט! ארבעט פארן געטאָ.

לעגענדע פון טויזנט און איין נאכט,
לעגענדע פון צויבער־וועלט!
ווי פון אונטער אַ כישוף־שטעקעלע
באווייזט זיך רעסאָרט נאָך רעסאָרט.

אונטער קרומע דעכער,
פארוואָרפענע גאַס,
ביי א גאלן טיש,
און הוילער טאַש,
ביי צעבראָכענעם ווערקשטעל,
צעריסענעם טראנס־פּאס —
מ׳שאפט שמידעריי...
ארבעט פארן געטאָ!
פייער־געשטעל ברענט!
פונקען פליען, פונקען טאנצן,
שטום באוווּנדערן די ווענט,
ווי ס׳נעמט דאָס אייזן רויטלעך
גלאנצן,
ווי פייער־צונגען שפּאַרן הויך,
ס׳נעמט זילבערן שטאָל,
צעפונקלט זיך בלעך,
צעוואקסט מעטאל פאר אַמאָל,
ס׳ווערט ענג אונטער איין דאַך...
צעבויט זיך, צעשפּרייט,
דער בנין פון מעטאַל,
און גרעסער ס׳ווערט
אַ זאל נאָך א זאל, —
ארבעט פארן געטא!
פאס און רעדער
איילן און יאָגן,
דאָס וואָרט אין לעגענדע
אויף ציינער זיך טראָגן:

טאָקעריי! שטאַנצעריי!
שלאָסעריי! בלעכעריי!
שלייפעריי! שווייסעריי!
אונצייליקע בענדער
שטופּן און טרייבן;
ס׳קריצן מאָטאָרן,
צעברומען ווי לייבן...

הודזען און קלאַפּן,
בורטשן און פּייפן
יאָגן די צייט — — —
מיט טויזנטער פערד —

## זייט געזונט

געקומען איז אַ פייגעלע
צו דעם פענצטער מיינעם;
טשירי, טשירי, טשירי, טשירי!
מיט דעם קעלעכל דעם שיינעם.
זייט געזונט, זייט געזונט!
איך מוז ווייטער פליען
אין מזרח צו זון און ליכט,
דאָרט די בלויע וואָלקן ציען...
דאָ קאַלטע ווינטן שמייסן,
רעגן קאַפּעט, קאַפּעט...
קיין עסן וועט נישט סטייען דאָ,
ווייל דאָס פעלד ווערט נאַקעט...
זייט געזונט, זייט געזונט!
איך מוז ווייטער פליען
אין מזרח צו זון און ליכט,
דאָרט די בלויע וואָלקן ציען...

## זאל איך גאט

מיט לאָפּעטע אין האנט,
גראַבליע אויף באזייט
טיף געבויגן שטיי איך,
צערייב אַ בייט נאָך אַ בייט — —
ראווקעס כ׳מאַך פאר זוימען,
מיט פולער האנט לייג, שיט;
כ׳גלעט אַ בייט נאָך אַ בייט —
אַ סטעזשקע אין דער מיט.
נעמט מיין הערצל צאפּלען,
און עפּעס שרעקט מיך שוין...
ווען אויפגיין וועט מיין פעלד,
זאָל איך, גאָט, עסן מיין לוין — —

## ליבע שול, אונזער שול!

ליבע שול, אונזער שול!
ביסט פאר אונדז אַ קוואל;
ליבע שול, אונדזער שול!
פאר אונדז ביסט פרישער טל.

יעדן טאָג לויפן מיר,
שעפּן ביסלעך וויסן;
פון דער שאָפּ, פון דעם בוך
אלץ מער צו געניסן...

טאַנצט נאָדל, טאַנצט דער פאָדעם,
באַזייט דאס העפט און ליד———
און די רעדער דרייען, טרייבן,
די ארבעט מאכט נישט מיד——

ליבע שול, אונדזער שול!
דו שיין פאר אונדז אין גאנג!
ליבע שול, אונדזער שול!
דו לעב אונדז, לעב אונדז לאנג!...

## מאשין און הענט

ווי אין קעסל קאָכט און זידט,
און מ׳בויערט, עגבערט, שמידט,
אויג אויף אויג, האַנט ביי האנט —
אין מאשין איז מענטש־קינד
געשפאנט...

פאסן בענדער דרייען, טאנצן,
געְרויש פארכאפט אין גאנצן,
זענען הענט וואַך און גרייט,
דאָ אין דאָרט, אין יעדער זייט — —

דלאָניע הויך פעסט זיך הייבט,
שייבע אין צאָן יאָגט און טרייבט,
זילבער רעדער ריי נאָך ריי,
אָן אָטעם — צאָג דרייען זיי,
טאָטשן, וויגן ווי פארכאפט
און צעפינטלען ווילדע קראפט —
הודזשע ! — הודזשע — ! — — —
אין מאשין איז מענטש־קינד
געשפאנט,
אויג אויף אויג, האַנט ביי
האנט — —

## נישט געטרויערט

העי, חברה! נישט געטרויערט!
נישט געציטערט, נישט באדויערט!
אונדז געהער אַ טאָג אַ נייער,
אונדז געהער אַ טאָג א
פרייער! — — -
אָט אזוי אין שמידעריי
האָט דאָס יינגל הערש געטראַכט;
זיינע אויגן האָבן זיך ליב־
קינדעריש אזוי צעלאַכט — — —

פירט מען ברעטער, ציגל, ליים,
נעגל, אייזן, שטאַבליעס פיל;
געשפּאַנט אין וואגן אהין, אהער,
שלעפּט דאָס הערש, זיינע הענט
פאַלן שווער...
נאר טאָג אויף טאָג ווערט מויער
העכער,
ווערט ער מאכן שפּיצן דעכער — —
נעמט הערש קאַלעך ראַשיק מישן,
און דעם שווייס פון שטערן
ווישן...

ווען די שאָפּ זיין ווערט גרייט,
ווערט האַמער קלינגען ווייט,
זיין ווערט ארבעט, זיין פאר קינדער,
און זיי ווערלן שאפן ווונדער!

בלעכעריי, שטאַנצעריי, מאָטאָריי,
נעמט ער קאַלעך ראַשיק מישן
און דעם שווייס פון שטערן
ווישן — — —
העי, חברה! נשט געטרויערט!
נישט געציטערט, נישט באדויערט!
אונדז געהער אַ טאָג אַ נייער,
אונדז געהער אַ טאג אַ
פרייער! — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

## אין דרויסן

יאָסל: העי! יאנקל! קום ארויס!
זע, דער הימל איז קלאָר,
אָט־אָ־דאָרט פליט א זשוק
ס׳איז זומער אויף דער וואָר...
אונטן ביי דער מויער
קיינער גייט דאָרט נישט,
כאפן מיר אַ שפיל אין קנעפּ
יאנקל! ס׳וועט זיין גוט....
ביי דעם צווייטן מאגאזין
שטייט אַ פלויט, ער איז גרויס
נעגל זענען דאָרט נישטאָ,
קריכן קען מען לייכט ארויס....

יאנקל: זעסטו יאָסל, ס׳איז גערעדט
פראָדוקציע מ׳רופט, מ׳שרייט,
צו דער ארבעט נעמען זיך
אַ קאָמיסיע ווייטער גייט...
און אז האָרנשטיין וועט זען?!
וואָס קען דען דעמלט זיין?
ע, ברודער, איך האָב מורא
כ׳וויל מיט דיר נישט גיין....

יאָסל: ווייסטו יאנקל! ביסט א נאַר
האָסטו קנעפּ?! — קום,
איך רייס פון מיין כאלאט
פאר דיר די קנעפּ ארום...

אויב צבי וועט מיך כאפּן
איז אַן אויסרייד דאָ
אויף די 00 מוז מען וואַרטן
כמעט אַ גאַנצע שעה....
העי יאַנקל, קום אַרויס
דער קאָפּ טוט שוין וויי
ס'וועט פאַריבער אין דעם שפּיל,
ווי גוט איז אויף דער פריי....

## געצל צום מייסטער

צו טון איז ווייניק,
ליכטיקער מייסטערניו!
דערלויבט ארויסצוגיין
כאָטשבי אויף אַ שעה....

אַ יאָג טאָן אהער,
אַ יאָג טאָן אהין,
שיין איז אין דרויסן,
דאָס גראָז איז שוין גרין...

כ׳וועל ארבעטן שפּעטער,
ארבעטן פאר צוויי...
ניין! כ׳וועל ארבעטן מער,
פאר גאנצע גאנצע דריי.

מייסטער: נו לויף, לויף גיך!
זאָל דיך קיינער נישט זען,
היט דיך פאר שורעק,
ס׳קאָן עפּעס געשען....

## חיים צו צוויי חברים

אַ מעסערל האָב איך
ער איז יעצט נישטאָ
(ווייזט אויפן מייסטער)
אנטלויפן לאָמיר גיך,
(אלע שפילן פריילעך —
א טייל אין באלעם, א טייל
אין מעסערל, א טייל אין
א יאָג. שטיל זינגען זיי צו:
שאַ־שטיל, מאך נישט קיין געוואלט.
עס קומט דער פרעזעס ווייטער באלד,
און אויב דו ועסט מאכן
גאָר אַ גרויס גערודער,
פאלט אַ באָמבע —
א נייע ווידער.

יאנקל: אוי, דער אלטער גייט.

חיים: וועלכער אלטער?

יאָסל: ס׳איז דאָ דריי:
לייטער נומער איינס,
לייטער נומער צוויי
און דער פרעזעס איבער זיי.

יאנקל: או באנדע גייט (אַ קעראָווניק)

טעוול: הלוואי וואָלטן אלע אזוי געווען ווי באנדע — ער האָט ליב צוצוזאָגן, אָפּצולייגן, אָבער ס׳שאַדט נישט, פון דעם אָפּלייגן קומט שטענדיק עפּעס ארויס. ערגער זעסטו איז מיט כימאָוויטש.

יאָסל: איך זאָג דיר, אז ס׳איז נישט אזוי ווי דו זאָגסט; כימאָוויטש, זעסטו, איז ווי די שעה; מ׳דאַרף אים נאָר אָנטרעפן אין אַ געוווּנטששענער מינוט. אז ער האָט ליב צו שרייען, דאָס איז אן אמת, אז ער האָט ליב אריינצופּאָרן אין באַק, דאָס איז א צווייטער אמת, און אז ער פארגעסט שנעל, איז דער דריטער אמת. איך זאָג דיר, אז ער איז אַ גוטער. דאָנערשטיק האָב איך מיך פארשפּעטיקט, — האָט ער מיר געגעבן יענעם מזמור און צוגענומען די זופּ: דו וועסט נישט קריגן די זופּ — הונט. ער האָט גערעדט מיט פייער, און די אויגן, ווי אן אמת׳ער דייטש — זאָג איך דיר. כ׳האָב געמיינט, אז ער וועט מיר נישט געבן די זופּ, אָבער ווייזט זיך ארויס, אז שפּעטער האָט ער מיך גערופן און לאכט און איז אזא גוטער — צוצולייגן צו אַ געשווילעכץ... ער דערלאַנגט מיר אַ צוזאָץ נאָך אַ זופּ. פון אים וויל איך ליבערשט צוויי פּעטש, אַ זופּ גיט ער?! אלץ בעסער ווי שורעק (קעראָווניק אין ביוראָ).

יאַנקל: צו וואָס זיך ווינטשן פּעטש, אז איך קען מיר ווינטשן טאלאָנען. כ׳וויל בעסער פון כימאָוויטש צוויי טאלאָנען ווין פון שורעק איינעם. (א טאלאָן — צעטייל אויף עסן). און מיינסטו, אז שורעק איז דער ערגסטער? ניין, איך זאָג דיר אז ניין. די קעראָווניקעס אין דער געטאָ מוזן אזוי זיין; ווען זיי וואָלטן נישט געווען אזעלכע, וואָלטן זיי קיין קיעראָווניקעס נישט געווען. ווען איך בין קיעראָווניק, וואָלט איך אויך אזוי געמוזט זיין: דאָס בעסטע מיר געגנומען — טאלאָנען? מיר, צוזאצן — מיר. בייראט? מיר — דענאָך וואָלט איך יענעם געגעבן. די מייסטערס, סאלאָוועס און אינסטרוקטאָרן — וואָלט איך נישט געגעבן, גאָרנישט געגעבן; זיי מאָרדעווען אויס דעם ארבייטער, ציען פון אים

ארויס די נשמה: פּראָדוקציע! פּראָדוקציע! — און אליין גייען זיי ליידיק, און פרעסן דאָס בעסטע. די ארבייטער דארפן עסן, ווייל זיי מאכן די פּראָדוקציע!

חיים: איך זע שוין, אז דו האלטסט מיט שורעק, ער האָט דיר אוודאי א טובה געטאָן.

יאנקל: ניין, ניין! איך זאָג אזוי ווי ס׳איז אמת, אמת זאָג איך.

טעוול: איך זאָג אייך עפּעס אנדערש: ווער ס׳געפעלט כימאָוויטש׳ן, פאר דעם איז כימאָוויטש א גוטער; ווער ס׳געפעלט שורעק׳ן פאר דעם איז שורעק א גוטער, און ווער ס׳געפעלט באנדן, פאר אים איז באנדע

אלע: יאָ, יאָ, אזוי איז עס!!!

כימאָוויטש האָט געקוקט אויף אונז מיט א קרום אויג — דאָס הייסט אויף מיר און אויף צענדערן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען מיך מיט צענדערן אריבערגעטראָגן אין וועש־און קליידער־רעסאָרט, צו גלאזערן: מיך אלס לערערין און צענדערן אַלס לערער פון געזאַנג. דאָס איז שוין געווען אין יאָר 1944. די ליקווידאַציע הויבט זיך אָן: טאָג־טעגלעך כאַפּט מען מענטשן אויפן גאַס — ווי הינט. דו גייסט אויף איין גאַס און אויף דער צווייטער כאַפּט מען דיך. אומדערטרעגלעך שוין דאָס לעבן. דער וועג אין רעסאָרט אריין ווערט באַשווערט דורך די אָבלאַוועס. דורך הייף מוז איך קרייזלען איך זאָל צוקומען צום רעסאָרט. איינמאָל, אַהיימקומענדיק האָב איך געטראָפן אָפן די טיר. אין דער שטוב ווי נאָך אַ פּאָגראָם: דאָס בעטגעוואַנט, די וועש און אין טאטעשס ז״ל הייליקע ספרים ליגן צעריסן, צעטרעטן, אַ ירושה־סידור, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור פון אלטן וורקער צדיק, וועלכער איז געווען אַ פעטער פאַר מיין זיידן

דויד־מאיר׳ל ז״ל, ליגט צעריבן פון די בלאָטיקע שטיוול. אויפן טיש ליגט אַן אונטערשריפט אויף אַ צעטעלע: Jutter. מיין שכן פון דער קריפּאָ — געווען ביי מיר צוגאַסט.

כ׳גיי שוין ווייניק צו דער ארבעט. אויסזידלונג נאָך אויסזידלונג. יעצט גייט מען אין גאַס, אָבער מען ווייסט נישט וווהין דער גורל וועט פאַרשלעפּן, און וואָס ס׳וועט זיין דערנאָך, ווער וועמען וועט איבערלעבן?! אָבער דאָס איבערבלייבעניש פון אומקום, דאָס געשריבענע וואָרט, אויב ס׳וועט נישט גיין פאַרלוירן און ס׳וועט אַריינפאַלן צו יידן אין די הענט, זאָל מען עס איבערשרייבן אויף אלע מענשטלעכע שפּראַכן. פילמירן, וויזן דער גרויסער וועלט אַלע גרויזאַמע ליידן וואָס מ׳האָט געטון מיט אַ פאָלק. ווער ווייסט, צי די פעלקער וויסן דערפון; וואָלטן זיי געוווסט, וואָלטן זיי נישט דערלאָזן, זיי וואָלטן נישט געשוויגן. אזוי דעספּאָטיש, מערדעריש, רוצחיש, גרוילעך אויסראָטן מענטשן — מיר יידן זענען אויך מענטשן. איבריקנס — אפשר צאָלן מיר אָפּ דעם פרייז פאר אַ גליקלעך לעבן אויף דער וועלט וואָס וועט קומען נאָך דער מלחמה. ישראל — דער אייביקער קרבן וועט פלאַסטערן אַ וועג פאַר שלום און ליבע... נצח ישראל לא ישקר!!!

לאָדזשער געטאָ 1944

# אין אומבאקאנטן וועג אריין...

אין די העלפט פון חודש אווגוסט זענען רייף געוואָרן די גרינצייג אין געטאָ. ווי נאָר אַ שפּאַן ערד, צווישן שטיינער, אויף שטיינער־אָנגעשיט ערד, טעפּ אנגעפילטע מיט ערד, אויף נידעריקע דעכלעך, דאָס אלץ איז געווען באַזייעט און באַפלאַנצט, יעצט איז דאָס אַלץ רייף געוואָרן... גאָט! מיין גאָט! וויפיל האָפענונג האָט מען געלייגט אויף די אויפגייענדיקע בלעטעלעך? אויגן האָבן דאָס אויפגייענדיקע געקושט און דאָס האַרץ האָט דאָס געבענטשט... עסן! עסן אין געטאָ... און אז גאָט האָט געהאָלפן, אַז די באָרקעס־בלעטער זענען שוין געווען רייף צום עסן און די רעטעך־בלעטער האָט מען שוין געקענט אָפּקאָכן צום עסן ,האָט מען שוין פון דעם אַלעם נישט געקענט געניסן, מען האָט שוין נישט באַוויזן אָפּצורייסן. גלייך מיטן באַווייזן זיך דאָס רייפקייט פון גרינצייג איז געקומען אַ נייע גזרה ,אַן אויסזידלונג...

ביי גלאַזער אין „רעסאָרט פאַר באקליידונג" האָט די ווערמאַכט געמאָלדן, אַז מען ברויכט מענשטן קיין מארישין (דאָרט אין מארישין איז געווען א באן־פארבינדונג חוץ דעם געטאָ, פון דאָרט האָט מען אַריינגעבראַכט אין געטאָ אריין עסן, און פון דאָרט האָט מען אַרויסגעפירט די פּראָדוקציע פון געטאָ). סאיז אָנגעקומען אַ סך קרויט, קאַרטאָפל און מייערן, דאָס אלץ מוז מען אויסלאַדעווען פון די וואַגאָנעס. פון יעדן רעסאָרט האָבן זיך יידן פארשריבן צו דער הייליקער ארבעט, האָבן זיך געמאָלדן און געגאַנגען צוטיען אַ האַנט, מ'זאָל ברענגען עסן אין געטאָ אַריין. האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מען האָט אונדז אַריינגענאַרט...

אין מארישין האָט מען איינגעזאַמלט אַ האַלבן געטאָ מענער, פרויען

און קינדער און מען האָט געהייסן וואַרטן. פון 6 אין דער פרי האָבן מיר געוואַרט ביז 7 אָוונט אָן עסן און אָן טרינקען. און אזוי ווי קיין אַרבעט איז נישט געווען, האָבן מיר זיך געקליבן צום אהיימגיין. אין האלבן וועג האָט מען אונדז פאַרהאלטן, דער וועג איז געוואָרן אָפּגעשניטן, און די היים, די אָרימע געטאָ־היים, דאָס לעצטע ברעטל פון דער איינגעבראָכענע לעבנס־בריק האָט זיך שוין אויך איינגעבראָכן, נישטאָ קיין צוריק, נישטאָ קיין פאָראויס, צווישן הימל און ערד הענגען מיר, נישטאָ קיין פירער און נישט קיין וועג־ווייזער. אַ פאַרבלאָנדזשעטע אויסגעמוטשעטע סטאדע אָן אַ פאַסטעך... מיר געפינען זיך אין א טרינקענדיקע שיף אָן אַ שיפס־קאַפּיטאַן...

די זאָנדער און די באַגלייטונג פון ס.ס.־לייט האָבן אָנגעהויבן לעגיטימירן און פארשרייבן די נעמען. סאיז געוואָרן א גרויסע סומאטאכע, יידן זענען זיך צעלאָפן איבער די פעלדער, צוריק קיין מארישין, אָדער אַרויסגעדרייט זיך צוריק אהיים. געוויינען און געשרייען האָבן פאַרהילכט די לופט, סהאָט גאָרנישט שוין געהאָלפן, דער גורל איז געפאַלן און מען איז פאַרמשפט. איך בין געוואָרן פאַרהאַלטן מיט א הייפעלע פון 30 מענטשן.

שפעט ביי נאַכט האָט מען אונדז אויפגעלאָדן אויף אַ לאַסט־אויטאָ און צוגעפירט צום געפענגעניש אויף צ׳ארניעצקעגאָ־גאַס. זאָנדער פון געפענגעניש האָבן אונדז איבערגענומען אין זייער רשות. מיט א גוסס־לאַמטערנע אין די האַנט ,האָט אונדז איינער צעפירט אין די קליינע קעמערלעך און געהייסן פאַרנעמען פּלאַץ אויף צוויי צוגעקלאַפּטע ברעטער (פּריצ׳עס) איינע איבער די אנדערע. נישט רעדן צווישן זיך — האָט ער געוואָרנט, ווייל אין דרויסן היטן דייטשן. איר זענט אַרעסטירט — האָט ער געמאָלדן, און מען קען אייך אויך שיסן יעדע רגע, איר זאָלט נישט פּרווון אנטלויפן, ווייל איר זענט גרייט צום מאָרגענדיקן טראַנספּאָרט. ער איז ארויס. אין קעמערל איז געווען פינצטער און שטיל, און נאָך פינצטערער און נאָך שטילער אין אונדזער צעווייטיקטע, צעבראָכענע, פאַריתום׳טע יידישע הערצער...

ווער קען דען וויסן ווענעמס אויגן זענען געווען אָפן אָדער צו? ווענעמס האַרץ פאַרשוואַכט אָדער וואַך? אנגעפילט מיט ביטערקייט און צער פאַר דעם אומפארמיידלעכן וואָס ס'מוז און וועט קומען... שוין די לעצטע צעשיידונג מיטן אזוי באקאנטן ווינאָרט, מיט די אַזוי באַקאַנטע דילעס ווי אייגענע, טייערע, הארציקע לייב־אייגנס האָבן אויסגעהויכט זייער הייליק לעבן פאַר א שטיקל רעטעך און פאר אַ שאָלעכץ פון אַ קאַרטאָפל, אויסגעגאַנגען ווי צאנקענדיקע ליכט: הייליקע, שטילע, גרויסע יידישע נשמות... זענען אַזוי טייער די פאדלאָגע־ברעטער! מען קען נאָך זיי ארומנעמען, אויסקושן און אויסוויינען דאָס איינזאמע פאַר־לאָזנקייט... זענען נאָך דאָ פרישע קברים אן געטאָ, און אז ס'הארץ ווערט צעריסן אויף טויזנטער שטיקער, די אויגן זענען אויסגעטריקנט און די פיס פלאָנטערן זיך, גייט מען אויפן קבר אוסצוווייגען דאָס איינזאמען פאַרלאָזנקייט...

וויל מען זיך שוין געזעגענען מיט דעם לעצטן איבערבלייב, שוין דאָס לעצטע מאָל, דאָס לעצטע מאָל, ווען מיר פארלאָזן זיי און גייען אין דעם אומבאקאנטן וועג־אריין שוין מאָרגן... דאָס לעצטע מאָל זיך אומקוקן, אָפשייד נעמען אין לעצטן וועג־אריין, מיטנעמען מיט זיך, דעם לעצטן אויגן־בליק, די לעצטע טרער, דעם לעצטן גלעט פון אַ פארמשפטן...

שא! שא! — שטילט אַ מאַמע איין איר קינד, באלד וועט ווערן טאָג (ווער סהאָט אויסבאהאלטן א קינד, האָט עס די לעצטע צייט מיטגענומען מיט זיך צו דער ארבעט).

אַן אלטער מאַן האָט אונטערגעקרעכצט: וויי וויי! און וואָס ווייטער? נישט דערלויבט צימאָל צו שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט, וויי וויי! אָן אַ קדיש און אָן טהרה... די ברעטער פון זיין געלעגער האָבן געסקריפעט פון אומרויקן באַוועגן זיך — — —

ווען עס האָט אָנגעהויבן קוים צו טאָגן האָט זיך אונטערן פאַרקראַטע־וועטן פענצטער באוויזן מיין מאן און מיינע שוועסטער, זיי האָבן איינגע־שטעלט זייער לעבן, אַריינגעשמאָקלט זיך דאָרך די דראָטן און גקעומען

מיך אַרויסנעמען. איך האָב נישט געוואָלט גיין קעגן גורל. צו דעם היינטיקן טראַנספּאָרט האָט מען מיך באשטימט, ווייל איך היינט פאָרן. דאָס וואָס דאַרף קומען, וועט קיין מענטש נישט אויסמיידן. פאַרהוילן יעדער מענטשליכער גאנג, פארהוילן איז סיי דאָס גוטע סיי דאָס שלעכטע. ווייסן מיר דען צו אזוי ווי מיר טוען איז גוט, אָדער שלעכט? עושה שלום במרומיו, הוא יעשה שלום עלינו — — —

איך האָב באַשלאָסן אויפצונעמען מיין גורל ווי ער איז מיר געוואָרן צוגעטיילט, צו גיין מיטן טראַנספּאָרט. מיין מאַן און מיינע שוועסטער האָבן באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אין מיר; מיר זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען ווי לאַנג נאָר סוועט זיין מעגלעך. אזוי איז אויך געשען מיט אַנדערע משפחות, וועלכע זענען געווען פאַרשריבן צום טראַנספּאָרט. וואָס סוועט זיין און וואָס סקען זיין — נאָר צוזאַמען, ביז די לעצטע רגע צוזאַמען.

אונדזער קעמערל אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען, איז געוואָרן וואָס אַמאָל פילער און פילער מיט פריש צוגעשטאַנענע צום היינטיקן טראַנספּאָרט, דערונטער אויסבאהאלטענע אלטע טאטע־מאמע, קינדער און קראַנקע. פון זאָנדער האָב איך באקומען אַ דערלויבעניש צו גיין אין ביוראָ און קילנגען צו ראָזענשטיין (ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער ליטעראַרישע גר. ווי אויך לייטער פון פרעזעס דרוקעריי. אַ לערער פון עברית פאַר דער מלחמה) חבר ראָזענשטיין? יא? זייט מיר געזונט! בלייבט מיר אַלע געזונט און שטארק! זאָל דער „בעל הרחמן" שיצן און היטן כל ישראל... ביז צום ענטגילטיגן אויסלייזן... גאָט זאָל שיצן די יידן אין געטאָ און אויסער די געטאָ... איך פאָר היינט אָפּ מיטן טראַנספּאָרט. קיינער ווייסט דאָך נישט וועמענס מאָרגן סאיז. זייט וויסן איך האָב אָנגעשריבן אַ פּאָר קאָפּיעס פון מיינע ליטעראַרישע ארבעטן. צוויי קאָפּיעס לאָז איך איבער און איין קאָפּיע נעם איך מיט אין וועג אריין. זייט געזונט און קושט אלע, אלע פריינט אין מיין נאמען — חזק ואמץ! חבר ראָזענשטיין? יא! ליבער חבר! איך דאנק אייך פאַר אַלעם גוטן וואָס איר האָט געטאָן פאַר אונדזערע געטאָ־קינדער. איר האָט

געדרוקט פאַר זיי דעם אלף־בית. דאָס האָט דערמעגליכט צו לערנען די יידישע שפּראַך ווי אויך די העברעאישע שפּראַך. איך וועל עס אייך קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן. קושט דעם מיט בלוט דורכגעזאַפּטן באָדן אין געטאָ, ווי הייליקע פּיס פון אונדזערע הונגעריקע און פאַר־פייניקטע־צום־טויט האָבן אויף אים געטרעטן. אונדזער גרויס הייליק יידיש פאָלק... חזק ואמץ! איך האָב שוין קיין ענטפער נישט באַקומען, איך האָב געריכט צום חלל. אזוי האָב איך גענומען אָפּשייד פון אונדזער אָרעמער געטאָ און פון אירע דראָטן... 11 א זייגער דעם 9־טן אווגוסט 1944 האָט מען אונדז אלעמען איינגעזאַמלט אויפן הויף פון געפענגעניש. יעדעס מאָל פלעגן ס.ס.־מענער קומען מיט פרישע געפּאקטע אויטעס, מיט אויסבאהאַלטענע און אויפגעכאַפּטע אויף דער גאַס. אזוי האָט מען אונדז אנגעהאַלטן ביז 4 א זייגער נאָך מיטאג אויפן ניכטערן מאָגן.

מיטן לעצטן אויטאָ האָט מען געברענגט אַ מוטער מיט צוויי קינדער, אַ צווילינג. זיי זענען געלעגן אין אַ קויש פון וועש. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ טעפּל מיט אָפּגעקאָכטע קאַשע אין וועג אַריין אין דעם אומבאקאנטן, עסן פאַר די קינדער, פאַר די אָרימע שוואלבן... די קינדער האָבן נישט געוויינט, געלעגן שטילע און רואיקע אויסגעצויגן ווי אויסגעדאַרטע קראַנקע פייגל, לויטער ביין און הויט, פאַרטמטע פּארזענישן, די מוטער זייערע האָט געוואָלט פאַרקערעווען דאָס קוישל צו דער וואַנט, איז צו אַ ס.ס. און איר אַרויסגעשטויסן דאָס טעפּל מיטן עסן פון דער האַנט. אַ זאָנדער האָט זי צוגעפירט צו דער ערשער ריי. ווי נאָר זי איז אַוועק, איז צו אַ ייד צו דעם אויסגעגאָסענעם עסן און מיט ביידע הענט האָט ער צוגעשאַרט די קאַשע און אזוי האָט ער פון די הענט געגעסן, ווען עס איז געקומען זיין ריי, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן, אנידער געפאַלן און אויסגעבראָכן דאָס עסן. ווייזט אויס לאנג שוין נישט געגעסן. די זאָנדער האָבן אים צוגעפירט צו די קראַנקע, אלע זיי אויפגעלאָדן אויף א אויטאָ און צוגעפירט ביז צו דער באַן־ליניע ווי די טראַנספּאָרטן גייען אָפּ.

אט איז חנה די געוועלבערקע פון דאָלנע גאַס אין אַ ליילעך פארבונדן אויף די פלייצעס טראָגט זי איר זיסעלען. 9 יאָר האָט זי געוואַרט אויף דעם קינד, ביז עס איז מיט גרויס מזל געקומען אויף דער וועלט. און אז זיסעלע איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיך געפרייט הימל און ערד. געבוירן געוואָרן אַ שיין באַחנ׳ט מיידעלע, וואָס האָט מיט זיך מיטגעבראכט אַ ליכט אין איר שטוב אריין. דאָס ליכט האָט געלויכטן אין אלע ווינקעלעך פון איר קליין אָרעם שטיבעלע... יעצט איז זיסעלע אויך שוין געציילט צום טראַנספאָרט.

אט איז דודעק; דאָס פעיקע יינגעלע פון 2־טן קלאַס אויך דאָ צווישן אונדז. פון געבוירן אָן אַזאַ לוסטיקער, זיין מאַמע האָט געזאָגט: דודעק, יאָ עסן נישט עסן, ער איז פריילעך. אַ ווינטער טאָג אין געטאָ, דודעק זיצט אויפן שול־באַנק און קוקט אַרויס דארכן פענצטער. ער זעט ווי אַ פייגעלע היפערט אויפן דעכל. האָט ער געזאָגט — וואָס זענען מיר דען מעער פון אַ פייגעלע? דאָס פייגעלע טאנצט פאר הונגער און מיר זינגען פאַר הונגער. הוי, קינדער! — האָט געזאָגט די לייטערן. ווינטער איז שווער פאַר אַלעמען, זומערלעב וועט קומען און ברענגען מיט זיך אויסלייזונג, ועסדו זעען דודעלע, אַז מיר ועלן נאָך זינגען זאטע און פריילעכע... קינדערשע אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט מיט אַזאַ גלויבן אזש טרערן האָבן געגומען רינען.

איך בין צו צו דודלען און האָב אויסגעקושט זיין טרער און באהאלטן די טרער אין פארבורגענסטן אָרט פון מיין האַרץ־קאמער. און ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך די קינדערשע גלויביקע טרער צערטלען און היטן. פילן דען פעלקער דעם צער פון יידישע הונגעריקע קינדער, זייערע אויסגערינענע טרערן אין געטאָ? פאַר וואָס שווייגן פעלקער, זענען אַלע פעלקער אויסגעשטאָרבן?

גיטעלע איז אויך דאָ מיט איר פאָטער, זלמן גרינשטיין. הוי קינדער, קינדער מיינע! זומערלעב וועט קומען און מיט אים אויסלייזונג פאַר אַלע יידן, וועלן מיר ווייטער מאכן שולן. מיר וועלן לערנען, זינגען,

זינגען זאטע און צעפרידענע... אַלע זיי זענען בלאַסע און שטילע. פון אנגעקומענעם אויטאָ שטייגן אויס פיל קינדער. מירעלע קומט צו צו מיר נענטער און פרעגט: „לערערקע, ווו פאָרט מען?" „איך ווייס נישט מיין קינד, איך פאָר מיט אלע". איך קוק אויף די בלאַסע אויסגעשראָקענע אייגעלעך — — — די לעצטע שוין... די לעצטע...

עפעס איז מיר שטיין געבליבן אין האלז און סדריקט. איך האָב מיך אוועקגעדרייט צו דער וואנט מויער, גענומען דעם קאָפּ אין מיינע הענט. ער איז שווער מיין קאָפּ, איך קען אים נישט דערטראָגן. רעדער האָבן זיך צעפאָרן אין אים, מאָטאָרן קלאַפּן, האַמערס זעצן. מיין קאָפּ איז אַזוי שווער, איך לען אים אָן אין דער וואַנט. מיין מאַן האָט מיך גענומען פאַרן האנט, קום! מליינט אונדזערע נעמען, מען דאַרפט זיך שטעלן אין דער רייע. אין דער מינוט איז אָנגעקומען מיין שוועסטער מיט דעם רוק־זאק. אין רוק־זאק האָט זי אַריינגעלייגט דאָס וואָס איך האָב געבעטן: אַ קאָפּיע פון מיינע מאַנוסקריפּטן, אַ סידור׳ל און די אלע צייגנישן פון דער יחוס משפחה, וועלכע דער פרומער איידעלער פאָטער ז״ל דער י״ד זיי געהיטן ווי דאָס אַפּל פון אויג. צווישן אלעם אנדערן איז געווען די כתובה פון זיידן דוד מאיר ז״ל, געחתמ׳ט דארכן אלטן וואורקער צדיק זצ״ל; ער איז געווען פארן זיידן א פעטער. צווישן די אלע פּאַפּירן האָט זיך געפונען נאָך אַ וויכטיקער דאָקומענט פון אַן עלטער־עלטער זיידע ר׳ שיעלע, וועלכער איז געווען אַ גרויסער גוט־באזיצער אין דאָרף סקרוניין צווישן ביאלאצ׳עוו און גובארצ׳וב אין ראדאמער קרייז. זיין גאנץ לעבן איז דער זיידע געגאנגען אַ ווייסע ייבעצע און ווייסע זאָקן. 40 פויערן־משפחות האָבן באַארבעט די פעלדער און געהיטן די וועלדער און געפיטערט די בהמות און פערד. און אז עס איז געקומען פרייטיק נאָך 12, האָבן אלע, ווי די יידן, מיט די קו, פערד און שעפסן, גערוט. אין פויערן־אויפשטאַנד 1863 איז דער זיידע ז״ל צוגלייך מיט אלע ארויס אין קאַמף מיט קאָסעס אין די הענט, דערפאר האָבן די רוסן צוגענומען זיין האָב און גוטס און פאַרטיילט די פויערן. אזוי האָט דערציילט די באבע און

ווען זי האָט דאָס דערציילט, האָט זי שטענדיק געוויינט מיט ביטערע טרערן... דור איין, דור אויס, איז הפקר אונדער לעבן. שטענדיק איז מען אַ באַלעם אין די פרעמדע גוי׳שע הענט, און וואָס זיי פאַלט איין, טוט מען מיט אונדז. קיינער פון די גויים הויבט נישט אויף קיין האַנט: געוואַלד! יעדער איינער איז צופרידן דאָס איין אַנדערער פירט אויס דאָס שטיקל אַרבעט — אויסראָטן דעם ייד... רבונו של עולם! ווי לאַנג? ווי לאַנג וועלן זיי אונדז אַזוי פּייניקן און מאָרדעווען? דאַרפן מיר אַלע אָפּקומען פאַר פרעמדע זינד! וואָס זענען גויים אַזוי בלוט־גיריק און בלוט־דאָרשטיק, — אל רחום וחנון! זאָל שוין זיין גענוג! גענוג אונדזער ליידן! האָט דיין פאָלק נאָך ווייניק מקדש געווען דיין נאָמען? זאָלן עס באַווייזן אַנדערע פעלקער פון היינט אָן... האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט אַז „בזכות התינוקות העולם עומד״ ווי זענען אונדזערע קינדער? אין אַלע גאַסן ליגן זיי געשאָכטענע, געשאָסענע, טויטע פון הונגער, אונדזערע קינדער, אונדזערע יידישע קינדער... מיר קענען זיך גאָרנישט העלפן, מיר זענען מאַכטלאָז, פאַרמוטשעט, האַלב־טויטע גייען מיר שוין אַרום — —

אין געטאָ זענען בלויז אַלטע, קראַנקע און קינדער, נישטאָ קיין בחורים און נישט קיין גיבורים. אויף רויב און שאַנד זענען מיר אויסגעשטעלט אַקייגן די ווילדע בייזע חיות פון אַרום... אֵל רחום וחנון! לאָז נישט צו, מיר זאָלן דאַרף זיי פאַרשלונגען ווערן, מיר ווילן לעבן!.. איינער וועט דאָך בלייבן פון אונדז, ער וועט מאָנען אונדזער בלוט, יידיש בלוט וועט נישט זיין מער הפקר, ניין!.. היט מיין גאָט די רעשט, דאָס לעצטע איבערבלייבעניש פון דיין פאַרפּייניקט פאָלק...

מיר גייען אין דער רייע, אַכט אין דער ריי גייען מיר. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף מארישין, איז שוין געווען גרוילעך, פאַרנאַכט. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין אַ זייט. פאַר אונדזערע אויגן זיינען פאַרבייגע־פאָרן אין פאַמעלעכדיקן טעמפּאָ געלאָדענע פאַרשטעמפּלטע וואַגאָנען אָנגעפילטע מיט געטאָ־יידן. איין צוג האָט זיך פאַרהאַלטן. מ׳האָט אויפגע־קייטלט אַ פּאָר וואַגאָנען און געהייסן אונדז איינשטייגן. דאָס איז אַזוי

שנעל צוגעגאנגען אז איינער איז געפאלן אויפן צווייטן. דער וואגאָן איז שוין פריער געווען פול געפאקט מיט אַ פריערדיקן טראנספּאָרט, נאָר אזוי ווי עס האָט אויסגעפּעלט לאַקאָמאָציע האָט מען אונדז ארייגעוואָרפן ווי מען וואַרפט מיסט. גרויסע שטאַרקע פעלקער! אָרימע פעלקער! איר זענט אָרעם אין תורה און ארעם אין הארץ!... מיר, געפייניקטע צום טויט, שעמען זיך פאר אייך, וואס מאכט איר פון גלויביקע שטאָלצע יידן, פון קליינע קינדער? האָט איר נישט קיין מורא פארן גרויסן יום־הדין, ווען גאָט׳ס צאָרן וועט זיך אַ וואָרף טאָן אויף אייערע קעפּ? בייזע בלוט־דאָרשטיקע מושלים! ווייסט איר פון אַ „ונתנה תוקף״? — אדם יסודו מעפר — וסופו לעפר... כצל עובר וכחלום יעוף... פעלקער אָן אַ תורה! וואס גיט אייך פאַרגאָסן בלוט פון יידישע קדושים?

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין וואגאָן אַ בהלה. נישטאָ קיין אָרט ווי צו שטיין, נישטאָ קיין אָרט ווי צו זיצן. די צוררים האָבן שוין צוגעהאַקט און פארקייטלט די טירן, דער לאָקאָמאָטיוו רירט — — — —

איינער איז געפאלן אויפן צווייטן, איינער האָט געטרעטן אויפן צווייטן. אַ טיפע פינצטערקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט. קריגערייען, געוואַלדן, געשרייען און געוויין מישן זיך אויס. וואַסער! וואַסער! — רופט אַ הייזעריק קול, אימעץ האָט אָנגעצונדן אַ באַטעריע און מען האָט דערלאַנגט וואַסער. יידן האָבן זיך צוזאַמען געצויגן, צוזאמען געקיילעכט ווי באלעמער און געמאַכט אָרט פאר שטייענדיקע. די שוואכע האָט מען אויסגעצויגן און באשפּריצט מיט וואַסער. אַ מאַן האָט געבעטן אויפשטיין, מען איז אויפגעשטאַנען, די פּעקלעך און די רוקזעק האָט מען צוגעריקט צו דער וואנט און יעדער האָט זיך צוגעזעצט אויף זיין פּעקל, אויסצעציען די פיס איז נישט געווען קיין אָרט, ווייל אַ סך זענען געשטאַנען, האָט מען אָפּגעמאכט צווישן זיך אז נאָך אַ געוויסער צייט וועט מען זיך בייטן, די וואָס זיצן וועלן אויפשטיין, און די וואָס שטייען וועלן זיך זעצן. נאָך דעם סדר איז געוואָרן אביסל שטילער. און ווי נאָר ס׳איז געוואָרן שטיל,

הערט מען ווייטער אַ געשריי: וואַסער! וואַסער! אַ פּרוי האָט אויסגעבראָכן גלייך אויף מיין קאָפּ, מ׳האָט אָנגעהויבן פּילן אַ געשטאַנק. קינדער האָבן שוין אָנגעהויבן מאַכן הינטער זיך, סיי אויף שיטער, סיי אויף געדאכט. צוויי עמערס וואסער וועלכע מען האָט אונדז מיטגעגעבן אין וועג אריין זענען שוין געוואָרן אויסגעטרונקען. האָט מען די ליידיקע עמערס אַוועקגעשטעלט אין דער מיט צו מאַכן דאָס מענטשליכע געברויך.... שפּעטער האָט מען געמאכט פאר די עמערס אַ ווינקל.

אין די נאַכט פינצטערקייט האָבן מיר באמערקט ווי לויפנדיקע פונקען פליען פארביי דעם קראַטן־לאָך און אונדזער לאסט־באן איז פּלוצים געבליבן שטיין. איין מאן איז ארויף אויף די אקסל פון אַ צווייטן מאן צו זען דאָרך דעם קליינעם, פארקראטעוועטן, שמאָלן פענצטערל ווי מיר געפונען זיך — צווישן פעלדער געפונען מיר זיך — ענטפערט ער. ערגעץ ווו ברענט אַ לאַמטערנע, אָבער מ׳קען גאָרנישט זען. „זאָל מען גלייכוועג ארויסגיסן דאָס אומריינע״ — האָט אָנגערופן אַ פרוי. אימעץ האָט דערלאנגט דעם קיבעל, מ׳האָט אָבער געמוזט צוואַרטן מיטן ארויסגיסן, ביז די וואַגאָנעס וועלן אָנהויבן רירן. און ווען די וואַגאָנעס האָבן גערירט פון אָרט, האָט דער מאן, וועלכער איז געשטאַנען אויף יענעם׳ס אַקסלען, געטון זיין ארבעט. די זאַך איז נישט געלונגען, ווייל די קראַטן האָבן געשטערט, איז אַ טייל אומריינקייט געוואָרן אויסגעגאָסן און אַ טייל האָט זיך צוריקגעגאָסן אויף מענטשנס קעפּ, לייבער און פיס — — — מיין מאַן האָט זיך אויך אָנגעהויבן פּילן שלעכט. מיר זענען געלעגן מיט די קעפּ צו דער טיר. דאָרט איז געווען אַ קליין שפּארונעלע, איז פון דאָרט ארויינגעדרונגען אן אָרעם קראנק ווינטעלע. האָב איך דאָס ווינטעלע אָפּגעטרעטן מיין מאַן. אים געלייגט מיטן פנים — אַראָפּ צו דער שפּארונע. אויך ער האָט אָנגעהויבן צו ברעכן. מיט א קליין מעסערל האָב איך אויסגעשאָבן אַ גרעסער לעכל צווישן דער טיר און דער פּאָדלאָגע. א! דעמאָלט האָט שוין אביסל געטאָגט, האָב איך גענומען א האנטעך אויס־געוואַשט דאָס אומריינקייט און ארויסגעשטופּט די שמאַטע דאָרכן לאָך.

אַ געשטאַנק האָט פאַרדרייט און צעטומלט דעם אָרעמען קאָפּ. איך האָב מיך אויך אַ וואַקל געטאָן...

מיין טייערע ליכטיקע שוועסטער, די שענסטע צווישן די טעכטער, האָט אָנגעהויבן אַראָפּציען פון מיר די קליידער, ארומגערייניקט מיין גוף... זי האָט זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד, מיך האָט מען אויסגעצויגן און מיין קאָפּ אויף איר. אויך זי, מיין הייליקע שוועסטער ליפּצשע צירעלע האָט זיך אָנגעהויבן פילן שלעכט, מיין מאַן איז געקומען אביסל צו זיך, האָט ער אונדז געראַטעוועט...

אַ נאַסע טרויעריקע גראָקייט האָט גענומען אריינדרינגען דאָרך די קראַטלעך. וואָס אמאָל מער און מער האָט זיך אָנגעהויבן אויסשיילן דער פרימאָרגן. דער אומעטיקער, וויינענדיקער, פוילישער הארבסט האָט אריינגעטריפט מיט ביטערקייט אין אונדזערע קראַנקע הערצער...

ווען עס איז שוין געוואָרן טאָג האָט מען זיך אָנגעהויבן ארומקוקן און געגנזייטיק דערקענען. יאָ! מ'האָט זיך דערקענט, טרויעריקע דער־קענ־טעניש — — —

אַ הונדערט און פינפציק געטאָ־איינוווינער: מענער, פרויען און קינדער אין פאַרשידענעם עלטער, דערונטער אלטע לייט שוין שקעלעטן, און קראַנקע אַהערגעבראַכטע פון טויטע־בעטן, כמעט טויטע. די ליגענדיקע האָבן זיך אויפגעשטעלט, און די שטייענדיקע האָבן זיך אנידערגעלייגט. די האָבן נאָך געהערט צו די געזונטע. ווען קוקסט אין זייערע פּנים'ער דערקענסטו זיך. אויסגעלאָשענע בלאַסע אויגן, דאָס פּנים דערשראָקן ווילד, די האָר צעשויבערט, דער גוף האַלב־נאַקעט, אַן אימה צו קוקן... אלע זענען מיר בארוועס, די אומריינע וועש, קליידער, זאָקן און שיך האָט מען ארויסגעוואָרפן דורך די קראַטן. דער פרי־מאָרגן האָט געברענגט מיט זיך אַ טויטע שטילקייט. עס איז שוין נישט כדאי צו רעדן, און עס איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן ווען מיר זענען פאַרשפּאַרט ווי' קראַנקע חיות, נאָר אראָפּצוציען פון אונדז די הויט, אָפּשניידן די האָר, ארויסרייסן די ציין, און עסן פאַר די שווארצע פייגל — — —

אונדז באגלייט אין וועג ד״ר אורבאך. מיר פאָרן אויף ארבעט און ד״ר אורבאך אלץ סאניטארע־הילף מיט אַן אויסלייג־בעט און באגלייטונג אין דעם לעצטן, לעצטן וועג, וואָס קיין צוריק איז שוין פון דאָרט נישטאָ. אזוי האָט מען אונדז ארייַנגענאַרט מלכתחילה און אזוי אָפּגענאַרט און מיר האָבן אלץ געגלייבט, אלץ געגלייבט. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס מען טוט מיט די ארויסגעשיקטע. וויפיל מאָל מיר האָבן געבעטן סימנים, רמזים זיי זאָלן אונדז טאָן צו וויסן, מיר האָבן נישט באקומען קיין ענטפער, און מיר האָבן נישט געוווּסט וואהין ס׳פירט דער וועג.

אויפן אויסלייג־בעטל האָט מען אויסגעלייגט די גאָר פיצקעלעך קינדער. די קינדער זענען געווען מאָדנע שטיל. זיי האָבן נישט געמאָנט, נישט פארלאנגט, נישט געפרעגט. זיסעלע איז אויך געווען אין אונדזער וואַגאָן. איר מאַמע איז געזעסן לעבן איר אויפן דיל און געהאַלטן איר קליין דאַר הענטל אין אירע הענט. משה׳לע פזשיטיצקי איז אויך געווען מיט אונדז. מיט אים איז געווען זיין פאָטער. די מאמע זיינע איז נפטר געוואָרן אין געטאָ. משה׳לע מיט זיין פייערדיק קעפל איז געזיצן פארצער׳ט, זיין פאָטערס האַנט האָט ער געהאַלטן אין זיינע. ער האָט געציטערט מען זאָל אים דעם פאָטער נישט צונעמען פון אים, דאָס שטיקעלע טאטע וואָס איז אים פארבליבן אין לעצטן וועג...

הייליקע יידישע קינד׳ער! אייערע אויגעלעך, וואָס האָבן שטענדיק געלאַכט און געזונגען, פול אזוי מיט לעבן — צאנקען און גייען אויס... הייליקע יידישע קינדערלעך! קרוין פון אונדזער געליטן פארפייניקט פאָלק! אייערע בעקעלעך ווי קוים צעבליטע יונגע רויזעלעך זענען געוואָרן פארוואַנדלט אין קאלעך־פארב און זיי זענען איינגעפאַלן אָן יאָרן און אָן לעבן — — — וויי, וויי צו די אויגן וואָס זעען דאָס צו און העלפן קען מען נישט... אַ פּאָר קראנקע ליגן אין גרויסן פיבער און רעדן פון דער היץ.

מיט אונדז איז אויך דאָ פּאָלאקיעוויטש, דער אָנגעשטעלטער אין געטאָ־געריכט אלץ פּאָליציאַנט. זיין געליבטע די שיקצע קאזיה איז מיטגעקומען

מיט אים אין געטאָ אריין. אין וואַגאָן זאָגט קאַז׳יה צו פּאָלאקיעוויטש׳ן: איינגעשפּאַרט און נאַריש זענען דײנע יידן! זיי ברויכן זיך אלע אויסשמד׳ן און געענדיקט. וועלן קיין יידן נישט זיין, וועלן נישט זיין קיין מלחמות״.

„טראַכסטו אזוי קאַז׳יה, באמת? אז די יידן זענען שולדיק אין דער מלחמה?״ — פרעגט פּולאקיעוויטש, קאַז׳יה שווייגט. אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן האָט ארויסגעצויגן אַ טלית־זאַק און געלייגט תפילין. ער האָט עס געטאָן מיט אזא קדושה, ווי ס׳וואָלט אים גאָרנישט אָרן ווי און ווען מיר געפונען, ווי און ווען מיר פאָרן, און וואָס ס׳קען זיין מיט אונדז. אים האָבן נישט געאַרט די פיזישע ליידן; נישט געשטאַנק, נישט הונגער, און נישט טויט! ער איז שוין אריבער די בריק פון ערדישן לעבן און געפונט זיך אין די עולמות העליונים, אים קען שוין גאָרנישט טאָן, ער איז אריבער די גרענעץ און איז בלויז רוח... זיין גוף איז צוריק, פון וואנען ער איז גענומען, נאָר די נשמה! די יידישע נשמה זי לעבט... ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעטאָן די תפילין אויפן שטערן, האָט ער אויסגעגלייכט זיינע פּלייצעס, זיינע אויגן אויפגעהויבן צום הימל און זיך צעוויינט״ ושפט בין הגויים וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות. לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה״.

בית־יעקב לכו ונלכה באור ה׳ — —

קאַז׳יה האָט געלאַכט: „זע ווי משוגע ער איז! אין אזא לאַגע ווי מיר געפונען זיך, בעט ער נאָך צו זיין גאָט!״

„יאָ, קאַזיה, זר לא יבין את זאת... פון פולאקיעוויטש׳עס אויגן האָבן זיך ארונטער געקייקלט צוויי גרויסע טרערן ווי קליינע שטיינדעלעך. ער האָט טאטע מאמע אין ישראל. ער האָט באשלאָסן צו פאָרן נאָך ישראל, ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן. צוליב די גויע איז ער געבליבן אין קלעם...

ווען דער ייד האָט אַראָפּגענומען די תפילין האָט ער געפרעגט פולאקיע־וויטש׳ן פאר וואָס זי לאַכט. דער ייד האָט נישט געוווּסט, אז דאָס לאַכט א גויע. „זי פאָרט מיט מיר — האָט ער געענטפערט, „זי איז נישט קיין

יידיש קינד, אלץ וואָס זי זעט דאָ, קומט איר אויס פרעמד. זי איז געקומען מיט מיר אין געטאָ און טיילט דעם גורל.״

„מיינסטו אז זי פארשטייט דיך?״ — רעדט ווייטער דער ייד, „פארשטייט זי דען אַ ייד? וועט ווען עס איז אַ גוי פארשטיין דעם ייד? צו פארשטיין אַ ייד, צו פילן אַ ייד, מוז מען אליין זיין אַ ייד. מיין זוהן! מען מוז פילן ווי אַ ייד, ליידן ווי אַ ייד און גלויבן ווי אַ ייד... גיי און דערצייל די פעלקער וואָס מען טוט מיט אונדז, וועלן זיי אויכעט זאָגן, אז מיר ליידן דערפאר, ווייל מיר זענען אנדערש פון אלע פעלקער. ווען מיר וואָלטן זיך אויסגעמישט, און געוואָרן מיט פעלקער גלייך, וואָלט גענומען אַ סוף צו אלע צרות, מיין קינד! לאָזט ער אויס ווי אַ גוטער טאַטע, אַ ייד קען פון זיין הויט נישט ארויס! אַ ייד קען די הויט נישט טוישן... ווען נאר ער ווערט אַ ייד געבוירן, טראָגט ער דעם גורל פון זיין פאָלק און שטאַרבט ווי אַ ייד״. ער האָט זיך אַראָפגעלאָזט אויף דער ערד אַן אויסגעמאַטערטער פון רעדן, די ליפן האָבן זיך נאָך אלץ באוועגט...

איך האָב דערקענט חנה רויזה׳ס טאָכטער, גוטשע. אין אַ ווינקל איז זי געווען פארשטופט, אַ קרייצל האָט זיך געבאָמבלט אויף איר האַלדז. איך האָב געוווּסט, אז זי האָט שוין דריי יינגלעך מיטן דייטשן לאָמען אדוואָקאט. זי האָט מיך אויך דערקענט; אויפגעשטאנען און צוגעקומען צו מיר. זי האָט מיר דערציילט, אז די ס.ס. מענער האָבן זי גענומען פון בעט ארויס. דער מאַן האָט זיך נישט איינגעשטעלט פאר איר. די קינדער האָבן געוויינט, מען האָט זיי אוועקגעריסן פון איר. מען האָט זי נישט צוגעלאָזט זי זאָל זיך מיט זיי געזעגענען. נישט געהאָלפן האָט דער גלויבן דער קריסטליכער, און נישט דאָס קרייצל, נישט דער הייליקער נאָמען פון אַנטאָנינה. יאָ! פאני אנטאנינה, — האָב איך צו איר געזאָגט — אַ ייד בלייבט א ייד! א ייד קען פון זיין הויט נישט ארויס. ווערסטו געבוירן אַ ייד, ליידסטו ווי אַ ייד און שטאַרבסט ווי אַ ייד!

„עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב״! מען טאָר זיך נישט מישן מיט קיין גויים און נישט גלייבן אין וואָס זיי גלייבן. ער קאן טוישן זיין

אָפּגאָט, יעדעס מאָל אַן אַנדערער גאָט, פעלקער פאַסן זיך שנעל צו צו אַלעם. זיי נעמען אַן גלויבנס, טוישן און חי געלעבט. אַ ייד בלייבט ייד...

אנטאנינה האָט פארלאָזן א קראנקע מאמע און צוויי שוועסטער, זיי זענען געווען זייער פרום. איר מאמע איז פאר צער געגאנגען פון דער וועלט און די שוועסטער איז פון זינען אַראָפּ. יעצט איז אנטאנינה צווישן די פארמשפט׳ע. זי גייט דעם לעצטן וועג ווי ס׳גייט איר געליטן פאָלק... די קריסטליכע ליבע האָט זי אויסגעשפּיגן ווי דער ים שפּייט אויס אַ טויטע קאָץ.

איך דערצייל איר: „פאני אנטאָנינה! די מאמע דיינע ליגט שוין צוויי יאָר אויפן מארישינער בית־עולם. די עלטעסטע שוועסטער איז געוואָרן אויסגעזידלט מיטן ערשטן טראַנספּאָרט, די יינגערע איז אַראָפּ פון זינען, זי האָט מען גענומען מיט נאָך גייסטיק קראנקע אין לאגיעווניקער וואַלד אריין, און דאָרט זיי אויסגעשאָסן. פאני אנטאָנינה! דאָס האָט געטאָן די פרייע מאָדערנע וועלט! די קריסטליכע פארשפּרייטע ליבע, אז דו באקומסט אַ פּאַטש אין באַק, שטעל אונטער די צווייטע... אונדזער תורה זאָגט: בלוט פאר בלוט! דאָס איז צדק! דאָס איז יושר! דאָס איז דאָס לעבן אליין. נישט נאָר דייטשן זענען שולדיק אין אונדזער אומגליק. שולדיק זענען אלע פרייע פעלקער... און די אלירטע — אמעריקע, ענגלאנד, און רוסלאַנד בראש, ווייסן זיי דען נישט דערפון, אז מ׳מאָרדעוועט אומשולדיקע? און דאָס איז נאָך געפערלעכער ווי די מלחמה אופן פראָנט, ווייל אויפן פראָנט האָסטו געווער און קאָנסט זיך ווערן קייגן שונא. געווער קייגן געווער. פאר וואָס ווייסן די פעראייניקטע כוחות קייגן היטלערן אַוווּ ס׳געפונען זיך די געוועהר־מחסנים און די אלע מיליטערישע אָביעקטן, דאָס אלץ קענען זיי באָמבארדירן? פארוואָס האָט אמעריקע נישט געמאַכט קיין געטאָ פאר אירע דייטשן? היטלער ימח שמו האָט פרייע הענט. קיינער שטערט אים נישט אין זיין מאָרד־ארבעט. און די פוילישע קריסטלעכע וועלט? ווו זענען אלע גלחים? איז די קריסטן־וועלט פאַרעטעריש און געמיין, אז זי

לאָזט צו מען זאָל אונדז אויסשעכטן, אונדזער פאָלק האָט זיי געגעבן אַ גאָט, און צען־געבאָט „ואהבת לרעך כמוך״ — — —

די פוויריקע וואָך האָב איך אראָפּגעקוקט פון דריטן שטאָק איבער יענער זייט דראָט, אַ פויערטע האָט דאָס דערזעען און מיך אויסגעגעבן פארן דייטשן סאָלדאט. אין אַ פּאָר מינוט איז געקומען אַ זשאַנדאַרם און ארויפּ־געשאָסן, אויסגעהאַקט די שייבלעך פון מיין דאַך־פענצטערל. די נאַכט בין איך געשלאָפן ביי אויסגעהאַקטע שויבן, ווען די פראָסט האָט געבריט... ווי ס׳איז נאָר געוואָרן טאָג בין איך אנטלאָפן פון מיין געטאָ־קאמער ווי פון אַ פייער. ווען מען האָט אונדז געטריבן אין געטאָ אריין, זענען פון ארום און ארום אָנגעקומען פון אלע דערפער ארום פויערן, פארכאפּט יידישע היימען מיט האָב און גוטס און געראַבעוועט וואָס ס׳איז געקומען אונטער די האנט; גערויבט יידיש פארמעגן. פאר וואָס האָבן געשוויגן די קריסטליכע וועלט־פירער? ווען זייערע גלוביקע זענען געוואָרן פארוואנדלט אין רויבער, אין רוצחים, און אין גנבים? זיי האָבן נישט רעאַגירט, ניין!

פאני אנטאָנינה! יעצט גלייבסטו שוין, אז מיר יידן זענען אן אנדער פאָלק? אן אויסדערוועלט פאָלק וואָס האָט פיינט בלוט״...

אנטאָנינה האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, ארומגענומען מיינע פיס און אריינגעוויינט אין זיי אונדזערן ביטערן געמיינזאמען יידישן גורל....

„וויין נישט, גיטעלע, וויין נישט,״ האָב איך זי געטרייסט. „דו ביסט צוריקגעקומען צו דיין פאָלק״! איך האָב געגלעט איר קאָפּ; „זיי שטאָלץ, גיטעלע, וואָס די גייסט מיט אונדז דעם לעצטן וועג...״ דער ייד איז געזעסן אין זיין טלית, ער האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער רעדן, און ער האָט הויך געזאָגט אַ תפילה:

אל רחום וחנון!
רומם שפלים, שבור זרוע רשע...
גלה יום נקם בלב...

— יחזקאל׳ע, יחזקאל׳ע! — וועקט אים די מאַמע פון זיין פארשוואכט־קייט, — דו זעסט ווער ס׳איז דאָ? דאָס קינד האָט אויפגעמאַכט זיינע גראָע, ליכטיקע קינדערשע אייגעלעך, אַ ווייטיקלעך געלעכטערל האָט צעהעלט זיין מיילעכל. יחזקאל׳ע האָט געהאָט נאָך אַ ברודערל, זיינעם א צווילינג. אים האָב איך ניש געזעען. זיין מוטער האָט מיר געגעבן אַ צייכן מיט די האַנט, אז יענער איז שוין נישטאָ, איך זאָל זיין נאָמען נישט דערמאָנען...

די מאַמע זיינע, אַ האַלבע קאליקע, איין פוס אַ פארקרומטן פון געבוירן אָן. מיט איר אלטן מאן אַ שוסטער געוווינט אויף דער פעפער־גאס אין אַ קעלער. ווען די קינדער זענען געבוירן געוואָרן האָט דער אנשטאַלט פון לאָדזשער „טאז" זיי ארייגענומען, און געהאָדעוועט ביז 3 יאָר. ביי דריי יאָר האָט זיי די מוטער אָפגענומען, געוואָלט זיי האַלטן ביי זיך — איר איינציקע פרייד. די קינדער זענען געוואָרן אנגענומען אין קינדער־היים אויף מאָסטאָווע 2 (אין דעם אנשטאלט האָב איך געארבעט ביז דעם מלחמה אויסברוך). די מאמע זייערע איז געגאנגען וואַשן וועש, רוימען שטובן, פליקן פעדערן. נאָך מיטאָג האָט זי די קינדער אָפגענומען און אליין זיך געפּאָרעט מיט זיי. מיט וואָס האָט יחזקאל׳ס מאמע געזינדיקט אקייגן דעם דייטשן פאָלק, און א קייגן די קריסטליכע וועלט? — קיין קאפּיטאליסטקע נישט געווען; קיין גוי נישט אויסגענוצט, אָפּגעטרעטן אפילו פאר א וואָרם — — —

מיר קאנען זיך גאָרנישט העלפן, מיר ליגן געפּענטעטע און דערשטיקטע; ווי ווי צו אונדז! אל רחום וחנון! נעם די רעשטלעך אונטער דיינע פליגל, דעם שארית פון יעקב... שומר ישראל! אל תשכח לכתנו אחריך במדבר — — שומר ישראל עשה עמנו צדקה. — — — — —

ליפּטשע, מיין ליכטיקע שוועסטער, די שענסטע צווישן די טעכטער, האָט איינגעגראָבן איר קאָפּ צווישן די קניען און וויינט... אין איין נאַכט האָט זי באקומען אַ פּאַס ווייסע האָר אין לינקן ווינקל־שטערן. טייערינקע! בעט איך ביי איר, מיר זענען נישט אליין. וואָס עס וועט זיין מיט אלע, וועט זיין מיט אונדז, וועסט זעען זיי וועלן אונדז נישט אומברענגען, ניין!

איינער וועט בלייבן און ער וועט נעמען נקמה פאר אונדזער יינג, הייליק, פארגאָסן בלוט... בית־יעקב! לכו ונלכה באור ה׳ — — — —

צוביסלעך האָט זיך די פינצטערקייט אויסגעשפרייט פון דער צווייטער נאַכט, מיר פאָרן... מ׳טוישט זיך מיט די ערטער, אביסל מ׳זיצט, אביסל מ׳ליגט, אביסל מ׳שטייט. מ׳פאָרט שוין אזוי אַ טאָג מיט צוויי נעכט. ס׳געשטאַנק שטיקט שוין דעם האַלדז, ס׳געשטאַנק דרינגט אריין אין די אויערן, אין די אויגן, אין די נאָז־לעכער און פארזעצט זיך אין קאָפּ, דער קאָפּ ווערט משונה פארדרייט, געגעסן האָט מען גאָרנישט און געבראָכן אָן אויפהער. מיט פארחלש׳טע, צעשויבענע, צעוואָרפענע קעפּ ליגן מיר, ווי בערגלעך מיסט ביי דער וואַנט. ס׳זענען שוין דאָ דריי טויטע. מ׳ווייסט נישט זייערע נעמען. איינזאַמע געקומען, איינזאמע געשטאָרבן, איינזאמע ליגן זיי יעצט צוגעדעקט מיט אַ טונקעלן קאָץ...

אין קאָפּ ברענט, אין האלדז שטיקט, די ליפּן האַרטע שטיקער לעדער. נישטאָ קיין טראָפּ וואסער, מירביילן פויסטן און האַקן אין דער טיר: וואסער! וואסער!! ס׳העלפט גאָרנישט. די פארשטינקענע, פארפעצטע, געדאַכטע לופט האָט געצוווּנגען זיך אויסטיען נאַקעט... מענטשן האָבן זיך פארוואנדלט אין פארזעענישן אין איין קאָך־קעסל אין דעם לעצטן אומ־באקאנטן וועג — — —

דער וואַגאָן איז געבליבן שטיין. מ׳האָט געהערט ווי מען בינדט אויף די קייטן. ס׳עפענען זיך צוויי טירן און ס. ס. מענער רופן באפעלעריש, כוליגאניש און ברוטאַל: רונטער שטייגען! פאקעטן לאַסטן!!

אין צעטומלניש האָט מיר ליפּטשע אריינגערוקט אין מיין האַנט אריין אביסל אָפּגעשפּאַרט צוקער, דאָס זאָל מיך דערהאַלטן ביים לעבן. אזוי האָט זי זיך אויך געפירט אין געטאָ. מיין לינקע לונג איז געווען אָנגעגריפן און דאָס האַרץ שוואַך... ווי שטאַרק איז דער מענטש אז מען האַלט דאָס אלץ אויס! מען גלייבט אז עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל; אז מיר וועלן איבערלעבן אונדזערע פייניקער, דערלעבן פרייהייט און אַ שענערע, גוטע, ליכטיקע גערעכטיקייט...

אַ צעטומלעניש האָט אלעמען ארומגעכאַפּט. טויטע אויסגעשראָקענע מאמעס טראָגן קינדער אויף די הענט, קינדער גראָבן זיך איין אין מאמעס ברוסטן, קלעמען זיך אין זייערע העלדזער, דאָ וויינט מען שוין נישט, דאָ איז שוין שטיל, ווי אין אַנזאָג פארן טויט, אז לאנג וועלן מיר זיך שוין נישט פרייען מיטן לעבן... ווי מיטן ווונק פון אויג איז מען שוין געווען אָפּגעטיילט, מענער באזונדער, פרויען באזונדער, די מיט קינדער באזונדער. אין די אָפּגייעדיקע רייען דערקען איך מיין מאַן, ער שלעפּט זיך ווי אלע יידישע מענער מיט איינגעבויגענע פּלייצעס, אראָפּגעהאָנגענע אקסלען, אלע יינגע זענען געוואָרן מיט אַמאָל זקנים — — —

מיר גייען אויך שוין אין דער רייע. מיינע שוועסטער ליפּטשא און שרה גייען לעבן מיר. אלט און יונג, מאמעס מיט קינדער מישן זיך צוריק שוין אויס. מ׳גייט שטיל מיט איינגעהאלטענעם לשון, מיט ווייכע שרעקעוו־דיקע טריט. ווער ווייסט ווו מען פירט אונדז? ווען צום לעבן און ווען?... גייען מיר ווי פארמשפּט׳ע רינדער מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ, אָן אַ פּאַסטוך. דער וועג איז אַ געפּלאַסטעטער, פוןביידע זייטן שינעס ביז דעם אייזערנעם טירל. צוויי אויסגעפּעטע, ווילדע חיות אין געשטאַלט פון מענטשן. דאָס זענען די ס. ס. מערדער. מיט בלוט־דאָרשטיקע פינגער ווייזן זיי לינקס און ווייזן רעכטס, ליפּטשן פרעגן זיי ווי אלט זי איז. פאר שרעק האָט זי נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט זי צוגענומען פון אונדז און געשיקט לינקס. אויך מיך האָט איינער פון די מערדער געשיקט לינקס. אַ צווייטער האָט מיך צוריקגערופן און געשיקט רעכטס. אלע מאמעס מיט קינדער האָט מען געשיקט לינקס. יוגנטלעכע צווישן 14—16 יאָר האָט מען אָפּגעריסן פון עלטערן און געשיקט רעכטס. שוין דאָ זייענדיק אויף דער ערד פון אוישוויץ האָט מען נישט געוווּסט וואָס מען טוט מיט יידן. מיר האָבן נישט געוווּסט צו לינקס איז גוט, צו רעכטס איז גוט און פארקערט מיר האָבן נישט געוווּסט ווו מיר גייען און נישט געוווּסט ווו זיי גייען דאָרט. אָבער דאָס אליין, אז מען האָט אונדז צעטיילט איז שוין געווען אַ טרויעריקער אָנזאָג. אַ טויט שרעק איז באפאלן: וועלן מיר זיך נאָך

טרעפן? איך האָב נאָכגעקוקט ליפּטשעס דראָבנע טריטעלעך, איר איידעלן קעניגליכן לאָקן־קאָפּ. אין האנט האָב איך געהאַלטן איר לעצטע מתנה, אין אַ פּאַפּירל אביסל אָפּגעשפּאַרטע שווארצע גערשטענע קאווע, פאר מיר עסן אין פאל פון נויט...

איך בין געפאלן מיטן פנים צו דער ערד — מאמע ערד! גוטע טייערע מאמע ערד! דו ביסט דאָך אַ מאַמע פאר אלע, דאָ אין אוישוויץ, צי אין דער ברייטער וועלט, ביסט דאָך אַ מאמע פאר אלעמען, סיי ביים לעבן, ווען דו טוסט זיי דערנערן, סיי נאָכן טויט ווען דו נעמסט אלץ צוריק אין דיינע אָרעמס... מאמע ערד! איך גראָב איין אין דיר דאס ביסעלע שווארצע קאווע, באהאלט עס און היט עס צום עתיד לבוא נאָך דער מלחמה! צו דעם משפּט מיט די רשעים... עפן דיין מויל־ערד, דעק אויס דעם עפר און דאָס פארגליווערטע בלוט פון אונדזער פארפייניקט אָרעם פאָלק... דעם עפר פון אונדזערע ליכטיקע, בחנ׳טע יידישע קינדער, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף קדוש ה׳ און קדוש העם... זאָל דער עפר מאכן אויפציטערן די גאנצע וועלט און אַ פייער זאָל אלץ ארומנעמען און זינקען זאָל אלץ!!! די וועלט האָט נישט קיין קיום, ווען אַ פאָלק ווערט אומגעבראַכט אויף אזא גרויליכן, שוידערליכן, מערדערישן, אכזריות׳דיקן אופן... אומקומען זאָל אלץ!!! פאר אונדזערע הייליקע יידישע קינדער. האָבן די מערדער אזוי געמאָרדעוועט קינדער פון אנדערע פעלקער? מאמע ערד! דאס גאנצע פייער און וואסער וואס געפונט זיך אין דיין אינגעווייד, פארגיס די וועלט פאר אונדזער פארגאָסן בלוט און זאלן די שטומע און בלינדע פעלקער דערזעען דעם גרויסן אומרעכט וואָס ווערט געטאָן צו אונדז... מאמע ערד! דעם סניגור פון יידישן פאָלק גיב איבער דאָס פאפירעלע מיטן ביסל פלעווע געמאָלענע קאווע און זאָג, אז דאָס האָט די שענסטע פון די טעכטער, ליפּטשע, נאָך פיר יאָר געטאָ אין דער סעלעקציע אין אוישוויץ אָפּגעשפּאָרט און איבערגעגעבן צו דער קראנקער־לונגען שוועסטער, זי זאָל זיך דערמיט דערהאַלטן דאָס לעבן. דו אין הימל זיי עֵדות וואס צו אונדז איז געוואָרן

געטאָן... ווער דען, ווער פון אונדז וועט איבערבלייבן צו קענען דערציילן די אלע גרוילעניש ן וואָס מען האָט צו אונדז געטאָן, אונדז אומשולדיקע אָן אַ שוץ...

מאמע ערד! וואָלסטו זיך אפשר אזוי געעפנט, און אונדז אלעמען צוגענומען צו זיך שטיל־שווייגענדיק און נישט אז די שונאים זאָלן צוקוקן צו אונדזער פאַלקסבראָך און זאָלן זיך פרייען... דער טאטע פון אויבן איז יעצט ברוגז אויף זיינע קינדער, און דאָס טויער פון רחמים איז געשלאָסן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון ביידע זייטן האָט מען מיך אונטערגעהאַלטן און מיט כוח אויפגע־שטעלט. שרה האָט געקושט מיין פנים, מיינע פינגער, מיינע נעגל — חייטשע! חייטשע, שטיי אויף, זיי וועלן דיך אויך צונעמען פון מיר און מיט וועמען וועל איך שוין דאן בלייבן? ווו וועסטו מיך אליין איבער־לאָזן? מען זאָגט אז זיי דאָרט אויף דער לינקער זייט האָט מען גענומען אין אַ לאגער אריין, צו נייען מונדירן. וויין נישט, וויין נישט. איר אויסגעשטרעקט אויסגעצויגן פנים, און איר טרויעריקע, געשלאגענע אויגן האָבן מיך איבער גענומען. „וועסט זעען", זאגט זי צו מיר, „אז אלץ וועט זיך ענדיקן גוט. אין לעבן איז דאָך אזוי, אז עס איז שוין גוט פינצטער ווערט דאָך ליכטיק. די ליכטיקייט קומט דאָך שטענדיק, נאָך דער פינצטערניש. יצחק איז צווישן יידן, ליפטשע איז צווישן יידן און מיר זענען אויך צווישן יידן. וואָס ס'וועט זיין מיט אלע, וועט זיין מיט אונדז"...

אין אונדזערע רייען זענען שוין קיין קינדער נישט געווען...

## אושוויץ

מ׳גייט פיר אין דער ריי. מ׳האָט אונדז צוגעפירט צו אַ נידריק הייזל. די ערשטע שטוב איז געווען קליין און ליידיק. אַן אונגאַריש מיידל האָט געפרעגט ווער ס׳האָט גאָלד, זילבער אָדער אַנדערע ווערט־זאַכן, זאָל דאָס אָפּגעבן. שוין קומט אריין אן אויפזעערקע און נעמט דאָס צוזאמען. שנעל אויסטוען זיך! באַפעלט אַ קול פון אַ דריטע. אַלץ פון זיך אראָפּוואַרפן און קומען צום אָפּשערן די האָר! איז ארייַנגעקומען די אויפזעערקע און דריי ס.ס. לייט מיט ווילדע און רויבערישע טריט פון אַ לייב, ערשט ארויסגע־לאָזענע פון לייבן־שטייג צו וואַרפן זיך אויף די אומשולדיקע קרבנות. די פון לעדער געפלאָכטענע קאַנטשיקעס אין זייערע הענט האָבן זיך געהוידעט און פינקל־נייע שווערדן אין די בלוט־גייציקע הענט. זיי האָבן גאָרנישט גערעדט נאָר געלאָזן די קאַנטשיקעס אין גאַנג, געשלאָגן לינקס, געשלאָגן רעכטס איבער קעפּ, איבער לייבער. ווער ס׳האָט באַקומען אַ שמיץ, האָט אויפגעשפּרונגען אַ האַלבן מעטער די הייך. שנעל, שנעל האָט מען אראָפּ־געוואָרפן פון זיך אַלע אויבער קליידער און די אונטער וועש. מיין חופה־רייפעלע האָב איך זיי אָפּגעגעבן. זיי האָבן מיך געהייסן עפענען דאָס מויל (זיי האָבן געזוכט גאָלדענע ציינער) ווייַ צו די וועלכע האָבן געהאַט גאָלדענע ציינער, מ׳האָט זיי צוזאַמען מיטן פלייש און גימען געריסן, ווי שפּאַרבער רייסן טויטע גופים...

מ׳האָט אָפּגעשוירן די קעפּ, אונטער די אָרעמס, און אַלע אַנדערע פלעצער, דערנאָך האָט מען געגעבן צו טרינקען אַ משונה־דיק וואַסער, נאָך וועלכן מ׳האָט אין גאַנצן גוף געברענט ווי אַ פייער, און די קישקעס האָבן געדרייט. קיין טראָפּ וואַסער איז נישט געווען צום טרינקען, אַלע

קראַנען זענען געווען אָפּגעשלאָסן. יונגע זעלנער מיט קאַנטשיקעס זענען אריין אין דער קהל־פּרויען און אזוי האקנדיק איבער די קעפּ געטריבן אין באָד אריין. זיי האָבן געהאַקט איבער די קעפּ און געלאַכט, ווילד געלאַכט פון אונדז, שטאָלצע יידישע טעכטער.

ס׳איז אריינגעקומען אַן עלטערער אָפיציר, ער האָט אויפגעהויבן די האַנט זיינע און די זעלנער האָבן אויפגעהערט צו שלאָגן. ער האָט געהייסן אונדז אויסשטעלן אין דער ריי און אָנגעהויבן באַקוקן יעדע פון אונדז. צו וועלכן צוועק? ער האָט סעגרעגירט: לינקס און רעכטס, די לינקע זענען ארויס מיט אַן אַנדערע טיר און די רעכטע אויך מיט אַן אַנדערע טיר.

אַ זעלנערקע האָט אונדז אריינגעפירט אין באַקליידונגס־צימער. אַ יעדע פון אונדז האָט באַקומען אַ צעריסענע שמאַטע צוצודעקן דאָס לייב. אַ היכע האָט באַקומען אַ קאָרצע שמאַטע ביז צום האַלבן בויך און אַ קליין־וווקסיקע האָט באַקומען אַ לאַנגע שמאַטע, וועלכע האָט זיך געפּלאָנ־טערט אונטער און צווישן די פיס... אויך אַ פּאָר האָלצענע האָלענדישע טרעפּעס 40 סנטמ. די לענג מיט שאַרפע שפּיצן. אזוי האָבן מיר אויסגעזעען: אַ היכע אין אַ קורצע שמאַטע; אַ נידריקע אין אַ שלאַמפּער, אַ בלוזקע מיט איין ארבל, קליידער מיט אויסגעשניטענע לעכער ביי די ברוסטן, די ברוסטן האָבן געבאָמבלט פון די לעכער. פון די לאַנגע קליידער האָט מען ארונטערגעריסן שטיקער צו פאַרבינדן די ברוסטן. אזוי אָנגעטאָן אין די נייע מלבושים האָט מען אונדז געפירט פיר אין דער ריי אין אונדזער נייע דירה אריין אין בלאָק — — —

די טרעפּעס האָבן געשטערט אין גאַנג. נאָך אַ יעדן טריט איז מען געפאַלן. האָט מען גענומען די טרעפּעס אין דער האַנט און מען איז געגאַנגען באָרוועס אויף די גראָדיקע, ליימיקע, שטיינערנע אוישוויצער ערד — — — די שטיינערדיקע שפּיצן האָבן זיך איינגעשניטן אין די הויט ביז בלוט. ביז מען איז צוגעקומען צו דער 32־טער גאַס, צום 32־טן בלאָק זענען שוין די פיס געווען צעלעכערט, דאָס ארוסגערונענע פאַר־

גליווערטע בלוט האָט זיך צוגעקלעבט צו דער הויט און די פארנאכטיקע פליגן און מיקן האָבן זיך אין די אָפענע ווונדן איינגעזויגן — — —

פארן ארייגאנג האָבן אונדז באגעגנט צוויי אונגארישע מיידלעך, און אַ דריטע מיט אַ קיינציק אין די האַנט האָט געפרעגט אויף פויליש? סקאָנד? (פון וואַנען) און איינע פון די צוויי אויף יידיש: פון וואַנען? זיי האָבן נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער, נאָר אָנגעהויבן שטויסן און שלאָגן איבער די קעפּ מיט די קיינציקעס: לאוס! לאוס!!

איר ווילט מ׳זאָל אייך שיסן? — האָט געפרעגט אן אונגאריש מיידל. יעצט זאָגט זי אז ווען ס׳איז פינצטער טאָר מען אויף די גאַס נישט גיין.

אין בלאָק האָט געברענט איין לעמפל און ס׳איז געווען האַלב פינצטער. דאָס איז געווען אַ לאנגער צריף מיט צוגעקלאַפּטע ברעטער פון ביידע זייטן ווענט, פיר שטאָקן. דאָס האָבן געזאָלט זיין אונדזערע געלעגערס. זיי האָט מען גערופן „פריטשעס״. אַזעלכע פריטשעס האָבן זיך געצויגן אין דער לענג, און אין דריי שיכטן, איינע איבער די אנדערע. 15 פרויען האָבן פארנומען איין פריטשע. קיין פלאַץ פאר אלע איז נישט געווען. האלב זענען געלעגן מיט די קעפּ אַהער און האַלב מיט די קעפּ אהין, אזוי אז צווישן די קעפּ זענען געלעגן די פיס פון די יעניקע וואָס זייערע קעפּ זענען געלעגן אקייגן איבער. ס׳איז אויסגעקומען אַ קאָפּ מיט אַ פּאָר פיס, אַ קאָפּ מיט אַ פּאָר פיס. מען איז געווען אזוי צוזאמען געדריקט, אז מען איז געלעגן קוים אויף דער זייט, דעם בויך האָט מען געמוזט איינדריקן. ווען די זייט האָט גענומען וויי טאָן און שטעכן, איז נישט געווען קיין פלאַץ זיך איבערצודרייען און בייטן אויף די אנדערע זייט. זענען אַ טייל געזעסן און אַ טייל געלעגן. ווען די ליגענדיקע האָבן זיך אויפגעזעצט, האָבן זיך די זיצענדיקע אנידערגעלייגט. אַ פארשטונקענע שטיקענדיקע היץ האָט געשלאָגן, נישט צום דערטראָגן. מען איז געווען געצוווּנגען אראָפּצוּוואַרפן פון זיך אויך די איינציקע שמאַטע, וועלכע האָט צוגעדעקט דעם גוף... אזוי נאקעט, אָפּגעשוירן די האָר, מיט די באמבלדקע ברוסטן האָבן מיר אויסגעזעען פארזעענישן, חיות... נישט חיות, נישט מענטש — — —

קיין עסן האָט מען אַלץ נישט באַקומען. מען איז אויסגעגאַנגען פאַר אַ טראָפּעלע וואַסער. דאָס מויל אָפן ווי ביי אַ דעגענעראַט. מען האָט פאַרלוירן די צורה פון מענטש, אויפגעהערט צו זיין מענטש. אַ פאַרטויבונג איז געקומען צום מענטשליכן מוח. דער מענטש האָט געקראָגן אַ צוריקשטויס אין אַ מין גילגול — אַז אָרעם איז די פעדער דאָס אַלץ צו שרייבן און געפונען פּאַסיקע אויסדרוקן. די אויגן זענען געוואָרן ארויסגעזעצט פון די לעכער פאַר מידעקייט און ווייטיק, און דאָרשט. דער הונגער האָט שוין אזוי נישט געפייניקט ווי דער דאָרשט. אַלץ האָט אויפגעהערט צו אַרן... נאַקעט? — איז נאַקעט! געפאַלן אין די אויגן פון שונא? — איז שוין גאר שפּעט האָט מען געבראַכט אַ קעסל וואַסערדיקע זופּ, צו־צוטיילן. אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס און נישט אין וואָס צו עסן. אונדזער פריטשע האָט באַקומען צוויי שיסלען עסן. מיט די הענט האָט מען געשעפּט דאָס קאָכעדיקע עסן און אזוי מיט די הענט געגאָסן אין מויל אריין... געטונקען די הענט און געלעקט די הענט, ווי אַ פּעטן ביין...

דאָ זענען שוין דאָ איינוווינערינס, אלטע גוט־דערפאַרענע בלאָקמאַנקעס, וועלכע זענען געקומען מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן פון אונגאַרן און טשעכיען. זיי האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט אויף דעם אינדזל פון טרערן און בלוט, ווי אזוי זיך צו העלפן.

פאַני פון בראַטיסלאַווא האָט געזאָגט: זוך דיר אויס אַ פּושקע פון קאָנסערוון! זוך אויס אַ שטיקל האָלץ און אַ שטיקל גלאָז, מיטן גלאָז שאָב ארום דאָס שטיקל האָלץ אויף פּלאַטשיק, וועסטו האָבן אַ לעפל. וואָס מען טוט נישט דערעסן, טוט מען דערטרינקען. אזוי איז די טרויעריקע פּיינליכע ווירקליכקייט. ווער ס׳האָט אין לאַגער אזא פּושקע מיט אזא לעפל, דער האָט שוין שאַנסן אויף אביסל זופּ.

דאָס אַלץ איז געזאָגט אויף מאָרגן, אָבער יעצט? יעדער באַזונדער האָט געוואָלט כאַפּן די שיסל, איז געוואָרן אַ גערויש, און די שיסל איז געוואָרן איבערגעקערט און דאָס עסן איז געוואָרן אויסגעגאָסן. אויסגעגאָסענערהייט האָט מען עס אויסגעלעקט...

# דער ערשטער אפעל

אַ צעקלונגגען גלעקל האָט אונדז אויפגעוועקט פון שלאָף. מיר זענען אראָפּגעשפרונגען פון די פּריטשעס און באָרוועסע ארויס אויפן גאַס. די נאכט איז געווען פארהילט אין איין שטיק שוואַרץ טוך און אין פייכטקייט. די שטוב־עלטעסטע ירקא בוימאַץ (די טאָכטער פון י. בוימאַץ, דעם איידעלן ייד און מענטש. ווען איך בין נאָך געווען אין געטאָ האָט ער באקומען אַ בריף פון די ווערמאַכט אז ירקא איז געשטאָרבן אין לאגער סקארזשיסקא. דער פאָטער האָט זי געהאַלטן אין איין באוויינען. אין אוישוויץ האָב איך זי געטראָפן אַ געזונטע. דעזערטירט פון איר פאָלק און דינט דעם דייטש). האָט אונדז אויסגעשטעלט אין די רייען. מיר האָבן אלץ נישט געוווסט וואָס אין אוישוויץ טוט זיך אָפּ. איז דאָך נאַכט, צו וואָס וועקט מען אונדז ביי נאכט? מיר האָבן געהאט מורא צו פרעגן. מיר האָבן געזעען, געהערט און נישט געטאָרט פרעגן.

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ פרוי, זי איז שוין געווען אין בלאָק 32 צוויי חדשים, זי האָט אָנגעהויבן ברעכן די פינגער פון אירע דארע ביינערדיקע הענט — מ׳פירט אונדז אין בעדל! יידישע קינדער! מ׳פירט אונדז אין בעדל!

וואָס הייסט דאָס? פרעג איך איר, — זענען זי ערשט געקומען? — פרעגט זי מיך. איך זאָג איר אז היינט, זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געוויזן מיר מיט די האנט, אויף יענער זייט הימל, צו וועלכן ס׳האָבן זיך געצויגן פאסן האַלב צעצונדענע מיט רויך און פלאמען. דאָרט, דערציילט זי מיר, ברענט מען אן אויפהער יידן, מ׳ברענט ביי טאָג און מ׳ברענט ביי נאכט. היינט זענען געווען אין לאַגער צוויי אוקראַינער, זיי האָבן

דערציילט און רוצחיש געלאַכט, — יידן מאַכן דאָרט א גוט לעבן — האָט איינער צוגעגעבן...

ווי פארשטייפט בין איך צוגעשמידט צו מיין זיץ־אָרט, איך קוק אין חלל און זע אלע, אלע ווי מ׳האָט זיי געטריבן, און מיטן גראָבן פינגער אָנגעוויזן — לינקס! דאָס הייסט אז אלע די וועלכע זענען געגאנגען מיט יענעם וועג זענען געגאַנגען צו ווערן פארברענט? אלע, טאטעס? מאמעס, קינדער? ליפטשע? אלע, אלע? לויטן ווייז מיטן גראָבן פינגער לינקס! לינקס, לינקס! און יעצט דארפן מיר גיין זייער וועג?

אלע האַלבע שעה וועקט מען. גאנצע בלאָקן נעמט מען אין בעדל אריין, ביי נאכט צו באָדן? דער הימל איז שוואַרץ, די ערד פייכט און שטעכיק, די האַרבסטיקע פוילישע קילקייט שניידט ווי מיט מעסערס דעם שוין דערשעפטן, און אויסגעמאַטערטן גוף. אַ וואָלקן רויך האַלב צעצונדן שטייגט דאָרט אין יענער זייט הימל, פון יענער זייט באַן־ליניע, אווו מ׳האָט זיי געטריבן מיטן געפלאַסטערטן וועג... אַ דריטל פון טראַנספּאָרט איז שוין נישטאָ ביים לעבן? נישטאָ שוין קיין קינדער, ניין! נישטאָ שוין קיין קינדער! .. זיסעלע איז שוין נישטאָ פזשיטיצקי איז שוין נישטאָ און יחזקאל׳ע און נאָך, און נאָך?...

דער קאָפּ איז שווער ווי מ׳וואָלט אין אים אָנגעהאָנגען אַ וואַגאָן שטיינער. איך טראכט און טראכט און קען מיך צו גאָרנישט דערטראַכטן. איך קען נישט אָנקניפּן דאָס מינדעסטע פעדעמל פון געדאנקען־גאנג. אזוי ווי די טרעפּעס, אזוי ווי דאָס מלבוש, אזוי זעט אויך אויס דער קאָפּ. דער קאָפּ איז לער און וויסט. ער איז אָנגעפילט מיט שטרוי און שטיינער, זיי אלע זענען שוין נישטאָ, מ׳ברענט יידן, מ׳ברענט יידן! אַ צעצינדענער וואָלקן־רויך גייט אויף אין הימל אריין — און די וועלט שווייגט???

יתגדל ויתקדש שמיה רבא! זענען דאָס די לעצטע ווערטער פון אַ יידיש קינד אין אוישוויצער לאַגער, ווען זי האָט געזען דעם רויך פון די ברענענדיקע יידן און קיינער איז נישטאָ ווער ס׳זאָל לעשן?... פייערדיקע צונגען פון יינגע קינדער גייען אויף אין די הימלען. ס׳איז נישטאָ קיינער

ס׳זאָל דאָס פייער לעשן. אלע שווייגן? ווו זענען די פייער־לעשער? ווו האָבן זיי זיך אויסבאהאלטן? — קוקן זיך צו צו די אלע גרויזאמקייטן און שווייגן? שפוך חמתך!!! אל רחום וחנון! לעש אויס די זון, צינד אונטער די זיילן וואָס האַלטן אונטער די וועלט! ברענען זאָל די וועלט, אויסגעברענט זאל זי ווערן ביז גאר אזוי ווי מיין פאָלק, מיין תורה־פאָלק, וואָס האָט 40 יאָר געבריט זיינע פיס אין מדבר־זאמד, אויסגעלערנט דיין תורה. גיב זיי די תורה א מתנה פאר די וועלט! זי איז פארשעמט, זי וויינט, — יידן ברענען! ווער וועט זי לערנען? אויס יידן? אויס וועלט, אויס לעבן — — — יידן ברענען פאר דיין כבוד, מיין גאָט! פאר דיין כבוד, יידישער גאָט... יידן ברענען! ווער וועט טראָגן דיין נאָמען אין דער וועלט??? שפוך חמתך! שפוך המתך! דור איין דור אויס פארטיליקן אונדז די גויים. מיר זענען געפאַלן, געטרעטן, און ברענען אין די אויוונס.. לא המתים יהללו יה, ולא כל יורדי דומה... האסטו אונדז צוגענומען אונדזער היים, אונדז פארטריבן, היימלאָז זענען מיר און הפקר — — — אל רחום וחנון — פיר אונדז צוריק אהיים, צו אונדזער לאנד, צו אונדזער פעלד, צו אונדזערע גערטנער! דו ביסט אונדזער פאָטער און מיר דיינע קינדער... אל רחום וחנון, מאַך שלום מיט דיין פאָלק און שענק אים די ברכה פון אן אייגענער היים! נישט וווגלען מער, ניין, נישט וווגלען! מיין פאָלק וועט לעבן, ווייל דו לעבסט אייביק, מיין גאָט! מיין פאָלק וועט אויפשטיין פון געפאלענקייט, מיין פאָלק וועט זיין אַ ריז און עס וועט לעבן מיט דיין ברכה און אונטער דיין פאָטערישע השגחה! מיין פאָלק וועט לעבן, אייביק לעבן, עם ישראל חי! עם ישראל חי!!! — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן און דערפילט די קאלטקייט פון דער נאַכט, איז איבער מיר געשטאַנען מיין שוועסטער און האָט געריבן מיין שטערן, מיינע הענט. שרה האָט געקושט מיינע פינגער״: חייטשעניו, שטיי אויף! זיי וועלן זעען אז דו ביסט קראנק וועלן זיי דיך צונעמען אין בעדל אריין... מיט וועמען וועל איך בלייבן, חייטשעניו, שטיי אויף!״ איך האָב גאָרנישט פארשטאנען וואָס זי רעדט צו מיר, און וואָס זי וויל

פון מיר. איך פיל אז כ׳בין מיד און וויל שטאַרק שלאָפן. אין בלאָק אריין האָט מען מיך צוגעפירט מיט אונטערגעשפּאַרטע הענט. מיר האָבן קוים באוויזן ארויפצוגיין אויף די פריטשעס האָט ווייטער זיך צעקלונגען דאָס גלעקל רופענדיק צום אַפּעל: „שנעל זיך שטעלן אין דער ריי!״ מיר זענען ווייטער ארויס און געשטעלט זיך פיר אין דער ריי.

א מאָרגן גראָקייט האָט זיך גענומען אויסשיילן פון די נאכט; אַ בלאַסער רינג פון לבנה־שיין איז געבליבן פארשטעקט אין אַ וואָלקן; די גראָדיקע ערד איז געווען נאס און געפרוירן, די גראָדיקע, ליימיקע אוישוויצער ערד האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען; די שפּיציקע טרעפּעס זענען געווען אַ שטערונג אין לויפן, און כדי וואָס שנעלער זיך שטעלן צום „אפּעל״ האט מען די טרעפּעס גענומען אין די האנט אריין און מען איז געלאָפן בארוועס, די גראדעס האָבן זיך איינגעשניטן אין דער הויט און דאס האָט פארשאַפט שטאַרקע יסורים...

פיר אין דער ריי זיצן מיר אויף דער ערד. מיר קניען פיר אין דער ריי און די הענט אין דער הייך. צוויי קניענדיקע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. זיי ליגן פארחלש׳ט... מטאָר זיך נישט געבן קיין ריר פון אָרט; מ׳טאָר נישט צוגיין צו זיי ראטעווען. צוויי אין גרינע מונדירן זענען פארביי געריטן אויף ווייסע פערד. אין דער מיט איז געריטן די שיינע מאריה יש״מה אויף אַ קאַשטאַן־פערד, געקליידעט מיליטעריש. ווען זיי זענען פארביי האָבן מיר באקומען אַ באפעל זיך אויפצושטעלן און לויפן אין „וואש־רוים״. מ׳האָט אונדז געיאָגט ווי די סטאדעס שעפּסן פארן אויסברוך פון א שלאַקס־רעגן באגלייט מיט דונערן און בליצן. איין רייע האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין די צווייטע, העפטלינגען זענען געפאלן, אויפגעשטעלט זיך, ווייטער געפאלן און ווייטער געלאָפן — — —

טויזנט ווייבער האָט מען אריינגעלאָזט אין „וואש־רוים״ בייביידע זייטן ווענט זענען געווען צוגעשרויפט צוויי לאנגע רייען קאָריטקעס מיט קראנען. אין איין ווינקל איז געווען דאָס קלאָזעט. ביי יעדן פון די קראנען זענען געשטאַנען לאנגע רייען און געוואַרט. מאגדה פון סלאוואקיי,

װעלכע איז דאָ געװען די עלטעסטע העפטלינג אין אױשװיץ (זי איז געקומען אין יאָר 1942) זי האָט אונדז דערציילט אז דער קלאָזעט אין רעכטן װינקל איז נישט קיין קלאָזעט, נאָר אזא מין מאדוס איינצושלינגען די קרבנות, װעלכע זיצן אויפן ברעטל... פון דאָרט פירט אַ קאַנאַל צו אַ גרויס אויסגעגראָבן גריב. איינע האָט איבערגעגעבן די צווייטע און אלע האָבן שוין געװוסט, אז אויף דעם ברעטל טאר מען זיך נישט זעצן. איך בין צו צו דעם פארזאָגטן אָרט, דאס ברעטל הענגט אויף אַ ברייטע באוועגליכע קלאָפּע. װען איך האָב ארויפגעלייגט אַ שטיין אויף איין זייט ברעטל, האָט זיך די קלאַפּע אויפגעהויבן און דער שטיין איז אַראָפּגעפאַלן, אַ ברייט לאָך האָט געפירט אַראָפּ...

מאגדה האָט דערציילט אז אויף אזא אופן האָט מען אומגעבראַכט אַ סך יידישע קינדער פון די ערשטע טראַנספּאָרטן, ווייל דער אויוון האָט נישט באוויזן אזוי פיל צו פארטיליקן... זייט מיר האָבן זיך דערוװוסט פון דעם שוידערליכן טויט היטן מיר זיך אויס. געדענקט — זאגט מאגדה — װארפט אריין אַ פּאָר שמוציקע פאפירלעך ס'זאָל הייסן אז מען איז געזעסן — — —

צוריק אין בלאָק אריין גייען מיר צעשאָטענערהייט. אַ לאַנגער װעג. פון ביידע זייטן ציען זיך האָלצענע הייזלעך און פאלאטקעס, דאָס זענען די „בלאָקן" פון די מחנות, דאס װוין־אָרט פון די קרבנות. אויפן װעג װערט אַ געאיילעניש — „די געלע הערסע" גייט. זי האקט שוין איבער די קעפּ מיט איר געפלאָכטענעם קיינטשיק; זי האַקט ביז בלוט. מיר זענען זיך צעלאָפן װי איבערגעשראָקענע קראָליקעס אין װאלד, קוים אריין אין בלאָק מיטן ארעם געראטעװעטן לעבן...

איך בין צו, צו ירקא און גיב איר איבער אַ גרוס פון איר פאָטער. איך דערצייל איר אז ער איז אַ פארװאלטער אין אַ גאז־קיך אין געטאָ אויף זולצפעלדער 7 (בזשעזשינער גאס 7). איך דערצייל איר אז די פּויריקע װאָך האָט ער אויך דערהאלטן אַ בריװו פון דער „קריפּא" (קרימינאל־פּאָליציי) װעלכע האָט זיך געפונען אויף פלאַץ קאָשציעלנע 5,

וואס אירע הינטער־וועגט האָבן זיך געפונען בשכנות מיט אונדזער שטוב. דאָרטן האָט מען געהאַלטן יידן אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז זיי האָבן באַגראָבן גאָלד אָדער סחורה. ווען אַ ייד איז דאָרט אריין אַ לעבעדיקער, האָט מען אים ארויסגענומען אַ טויטן דאָרכן הינטערשטן טויער. דעם קרבן האָט מען אַזוי לאַנג געפייניקט ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. מען האָט אים געקלעמט דעם קאָפּ, אויפגעהאַנגען מיט די פיס ארויף און דעם קאָפּ אַראָפּ ביז דאָס בלוט האָט זיך געגאָסן פון מויל, ארויפגעלייגט אויף אַ ברעט נאקעט אין אַ וואסער ווי אייז האָט געשווימען. זיי האָבן געברענט די צונג, אָט די „קריפּא״ האָט געברענגט אַ טעלעגראַמע צום פּאָטער, אַז זי, ירקא, איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָווער לאַגער. איך דערצייל איר, אַז איר פּאָטער האָט געזאָגט „קדיש״ און געטראָגן טרויער־קליידער. ווען ער זאָל וויסן אַז דו לעבסט? — — —

ירקא שטייט פארן בלאָק מיט אַ גראָבן קיינטשיק אין האנט און שלאָגט ביז טויט, די וועלכע לויפן ארויס זיך שאַפן עסן. אויפן לאַגער־לשון הייסט עס „אָרגאַניזירן״ — — —

ירקא בוימאַץ האָט געענדיקט סובולעווסקא גימנאַזיום און געווען פון די פּראָגרעסיווסטע יוגנט. מ׳האָט געלייגט אויף איר האָפנונגען. אַ זער פעיקע שילערן, דאָס איז געווען ירקא און דאס איז פון איר געוואָרן... ווען מיר זענען געקומען האָט זי זיך צו אונדז געוואָנדן מיט אזא שפּראַך: אייער לעבן האָט קיין שום ווערט נישט. אויב ס׳וועלן קומען אוקראַינער און וועלן לעבן מיט אייך, גיט זיך זיי איבער, וועט איר חאָטש האָבן עסן ביז צום טויט, שטאַרבט זאטע! קיין האָפענונג ארויסצוקומען פון דאנען איז נישטאָ...

מיינע רייד האָבן אויף איר קיין ווירקונג נישט געהאַט, זי האָט געוואָלט זיך אָפּדינען מיט עפּעס. פרעגט זי מיך צי איך וואָלט געוואָלט זיין „שטובאָווע״, דאָס הייסט וואשן ס׳געפּעס, טיילן עסן און אכטונג געבן דאס די העפטלינגען זאָלן זיך נישט דרייען פאר די בלאָקן. נאָר איין באדינג — אַז איך מוז האלטן אַ קיינטשיק אין די האנט און קענען שלאָגן.

דאָ — זאָגט זי — טאָר מען נישט זיין ווייך! ווייכע גייען אין אויוון, מען מוז זיין מיטן דייטש...

„פאני ירקא!" — זאָג איך צו איר — ווער בין איך, אז איך זאָל שלאגן מיינע שוועסטער, בלוט פון אונדזער בלוט און ביינער פון אונדזערע ביינער... אין אזא פינצטערע טרויעריקע צייט, ווי אונדזער פאָלק ליגט געשאָכטן אויף אלע וועגן און מען ברענט זיי לעבעדיקערהייט... ווען זאָל איך שלאָגן? אונדזער פאָלק ליגט ווי אַ צעטרעטענער וואָרם, ווי אַ געשמיסענער הונט... איך וועל האָבן עסן, — זאָל איך פארקויפן מיין נשמה פאר אַ ביסל מאננע? דאָס איז נידעריק און געמיין. פאני ירקא! — זאָג איך צו איר — איך האָב אַ פּלאַן. אין בלאָק 26 האָב איך געטראָפן צוויי יידישע יינגע דיכטערינס, רבקה קוויאטקאָווסקי און בלימקע רייכענבערג; אויך איז דא מרים אולינאָווער׳ס א טאָכטער, הדסה. זאָלן מיר שאַפן אַ קרייז וואס זאָל האָבן די אויפגאבע צו דערמוטיקן די געפייניקטע, און וועקן ביי זיי די האָפענונג, ווייל סוף כל סוף וועט דאָך קומען אַ מאָל אן ענדע צו דעם גיהנום, צו דעם וואָס לעבט אונטער די זון איז נישטאָ קיין אייביקייט. ירקא האָט מיר גאָרנישט געענטפערט. איך האָב איר דערציילט ווי אין געטאָ האָבן מיר אויך איינגעאָרדנט אזא קולטור־לעבן און דאָס האָט געלינדערט אונדזערע ווייטיקן און געשטאַרקט דעם גלויבן און ווילן צום לעבן. אלץ איז דאָך נישט פארביי. עמיצער פון אונדז וועט דאָך געראַטעוועט ווערן און אונדזער פאָלקס־לעבן וועט זיך באנייען. מיר וועלן אויפגיין קיין ישראל און דאָרט פארפעסטיקן אונדזער זיכערקייט, מיר זאָלן שוין מער נישט זיין הפקר... „מה שאינו עושה השכל, עושה הזמן". צו שפּעט זענען מיר געקומען צום שכל, אָבער אין לעבן פון אַ פאָלק איז קיינמאָל נישט צו שפּעט..." ירקא האָט מיר גאָרנישט געענטפערט, געלאָזט מיך שטיין און אוועקגעגאנגען אַ בייזע און צעצונדענע.

אונדזער שמועס האָט אונטערגעהערט צילי, אַן אונגאריש מיידל. צילי האָט גערעדט אַ גוטן יידיש, זי האָט געקוקט אויף מיר און געקריצט מיט

די ציין. צילי האָט געשלאָגן אָן רחמנות. זי האָט געשלאָגן און געקאַטעוועט אויס אכזריות׳דיקייט. אָן אויסגעפּרעסענע דאָרפסמויד! ווען איך בין שוין געווען אויף מיין פריטשע האָבן איערע ברענענדיקע בייזע אויגן מיך אלץ געפּאָרשט און נאכגעקוקט. אָן אומבאַגרייפלעכע מורא האָט מיך ארומגענומען, איך האָב דערפילט, אז צילי וויל מיך אראפּרוימען. און דאָס פאַראויסגעזעענע איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער. און דאָ האָט געשטעקט איין האַנט. ירקא מיט צילי האָבן מיך פיינט באקומען... מיר האָבן זיך צוזאמענגענומען אַ פּאָר העפטלינגען פון אונדזער טראַנספּאָרט און מיר זענען ארויס אויפזוכן אַ פושקע מיט אַ העלצל צו קענען באקומען עסן. אין בלאק 25 האָט מען די זעלבע צייט געמאכט אַן „אפעל" און געפירט אין בעדל אריין. יעדעס מאל ווען מ׳האָט געפירט באָדן, האָט מען שוין געוווּסט אז דאס איז א טויט סעלעקציע. אָן עלטערע אונגארישע פרוי האָט מיר צוגעוואָרפן אַ פּעקל, אין וועלכן ס׳איז געלעגן אַ פּאָר צעריסענע פלאנעל־הויזן, אַ פושקע, און אַ לעפל, און א שטיקל אָפּגעשניצט העלצל. נעם דאס — שרייט זי צו מיר אריבער, — נעם דאס מיין קינד! אז איך וועל לעבן, וועל איך מיר מאכן אַן אנדערע פושקע. מ׳זאָגט אז מען שיקט אויף ארבעט, — איז גייט לחיים און לשלום! ווו איר וועט נאָר זיין, זאָל גאָט אייך היטן און שיצן!

איך בין אריין אין בלאָק, געמאכט א לאָך אין די פושקע, אדורכגעצויגן אַ שטריקל און פארבינדן ארום די לענדן. די פושקע האָט מען געטראָגן מיט זיך ווי מען איז געגאנגען און געשטאַנען, אפילו ביים שלאָפן, דאס איז געווען דער איינציקער שאַנס מ׳זאָל באקומען עסן, אָדער גיין שאַפן זיך עסן אין אנדערע בלאָקן. ווייל ביים צוטיילן דאָס עסן איז געווען אַ צעמישעניש. אין אַ בלאָק פון 1000 ווייבער האָט מען געקענט געבן 3 קעסלעך עסן; און אין אַ בלאָק פון 500 האָט מען געגעבן קעסלען אָן אַ שיעור, אזוי אז דאָרט איז איבערגעבליבן עסן, און דאָס איבערגעבליבענע האָט מען צעטיילט ווער ס׳איז נאָר געקומען און געבעטן אביסל זופּ. דאס איז נישט אָנגעקומען לייכט. אָרגאניזירן אביסל עסן איז אָנגעקומען מיטן

טויט... מ׳האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן. ביים לויפן צו די בלאָקן און פון די בלאָקן האָבן אונדז געקענט באַגעגענען ס.ס. און שיסן אויפן אָרט, אָבער דער הונגער איז געווען אַזוי שטאַרק, שטאַרקער פאַרן טויט...

ווי מיט אַ גרויס געווינעניש בין איך ארויף אויף דער פּריטשע מיט מיין פּושקע און מיט די אַלטע צעריסענע הויזן. שרה האָט געפונען אַ שטיקל ראַגאַזשע, האָט זי דאָס צעדריוולט און די דרימער געקניפּט. מיט אַן אַלט טשוועקל האָט זי געמאַכט לעכער אין די צעריסענע הויזן אַרום דעם גרויסן לאָך און אַזוי אַדורכגעצויגן דעם פאָדעם, און דאָס גרויסע לאָך צוזאַמען־געצויגן. שרה איז געווען גליקלעך, דאָס זי האָט שוין באַוויזן צוצוגרייטן מיר די הויזן צום נאַנטן אַפּעל. דעם זעלבן טאָג איז געקומען אַ פרישער טראַנספּאָרט פון לאָדזש. צווישן אַ פּאָר פרויען וועלכע זענען געוואָרן איינקוואַרטירט אין אונדזער בלאָק, איז געווען אַ זינגערין. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט איז זי ארויף אויף אַ בענקל און האָט געזונגען „מיין יידישע מאַמע״ אַזוי ווי אין דער הייך איז געווען אַ היץ נישט צום דערטראָגן, בין איך אַראָפּ אונטן, און האָב מיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייט אויף דער ערד. צילי איז צו צו מיר און געפאָדערט איך זאָל פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, און צוריק ארויפגיין אויף דער פּריטשע. אַזוי ווי איך בין געווען אין מיינע צרות, פאַרצערט און פאַרקלעמט, אַריינגעטאָן אין זיך און דאָס ליד האָט מיך געפּאַנגען, האָב איך נישט געהערט אפילו וואָס זי רעדט צו מיר, איך האָב נישט אויסגעפירט איר באַפעל. צילי איז צו צו מיר און אומגעריכטערהייט אַראָפּגעלאָזט צוויי שטאַרקע קלעפּ. די קלעפּ זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין אויער האָט אָנגעהויבן קלינגען און עפּעס האָט געפּלאַצט. ס׳איז געגאַנגען בלוט, און אין קאָפּ האָט גערוישט, איך בין געוואָרן צעטומלט. אויף דעם אויער האָב איך אויפגעהערט צו הערן. איך בין אויפגעשטאַנען און זאָג צו צילי: צילי! ווער ס׳שלאָגט היינט אַ יידיש קינד, וועט ווערן געשלאָגן פון גאָט! און בין ארויף אויף דער פּריטשע. צילים פּנים האָט זיך אָנגעצונדען ווי אַ פייער, זי האָט זיך דערנענטערט צו מיין געלעגער און זאָגט: וועסט זען, מאָרגן וועסטו

צווישן די לעבעדיקע נישט זיין, דו האָסט געשאָלטן די דייטשן, איך וועל אַלץ דערציילן צו עלזאַ.

אין בלאָק איז אַריבער אַ שטיל געררויש: אַ פרישער טראַנספּאָרט! נעכטן האָט מען דעם בלאָק ליידיק געמאַכט, די איינוווינער געפירט אין באָד אַריין. איך האָב זיך אַדורכגעגנב׳עט אין בלאָק אַריין. א סך פון די נעכטיקע האָבן זיך געראַטעוועט און זענען צוריק געקומען אין בלאָק אַריין, זייער היים. אין זייער בלאָק זענען קיין פריטשן נישט געווען. דאָרט איז געלעגן שטרוי און די העפטלינגען זענען געלעגן אויסגעלייגט אויפן שטרוי.

קוויאַטקאָווסקי איז אַ יונגע פּראָזע־שרייבערין. צוויי מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן ביי מרים אולינאָווער. אויך מיט בלימקע רייכענבערג איז די דיכטערין. זי איז געקומען אין געטאָ אַריין פון אַ קליין שטעטל, געאַרבעט אין אַ קיך. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז אַ שוועגערין פון דיכטער קנאַפּהייס. איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן קומען אין מיין בלאָק, מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען. זיי זענען נישט באַשטאַנען. מער האָב איך זיי נישט געזעען.

צומאָרגנס פאַרנאַכט, ווען איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן אויף מיין צוויי־שטאָקיגע פריטשע איינגעקוקט אין צוויי גרויסע לעכער וועלכע די מייז האָבן אויפגעריסן מיט זייערע שאַרפע ציינער, באַווייזט זיך פּלוצים צילי און רופט מיך אַראָפּ. איך שפרונג אויף אין שרעק, און שוין שטייען פאַר מיר דריי ס.ס. אויפזעערקעס מיט קיינטשיקעס אין די הענט און נעבן זיי די „געלע־העקסע". „קאָם מאַל רונטער!" באַפעלט איינע פון זיי. איך שפרונג אַראָפּ און בלייב שטיין פאַר די, וועלכע זענען געקומען מיך נעמען. די „געלע־העקסע" פרעגט מיך פאַר וואָס איך האָב געשאָלטן די דייטשן? צו ווייסט דו ווי אַזוי מיר פירן דיך?" „ניין!" — ענטפער איך איר. „איך בין אין אייערע הענט" — זאָג איך צו זיי, — „אוודאי קענט איר טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט און פירן ווי איר ווילט. איין ביטע האָב איך צו אייך איידער איר פירט מיך צום טויט, וויל איך איר זאָלט מיך אויסהערן". איין דייטשקע האָט מיר געגעבן רשות און איך

האָב זיי דערציילט: איך האָב אויפגעהויבן מיין רעכטע האַנט צו דער הייך — איך גלייב אין מיין גאָט... איך בין צו אלעם גרייט...

...מיט צוויי טעג צוריק האָט מען מיך אַהערגעבראַכט מיט אַ טראַנספּאָרט פון ליצמאַנשטאַט־געטאָ. דאָרט האָב איך געאַרבעט אין אַ מעטאַל־רעסאָרט (אלס לערערין האָב איך נישט געטאָרט זאָגן). דאָרט האָט מען נאָך געלעבט צוזאַמען מיטן מאַן און די רעשט משפחה. מיר האָבן נישט געוווּסט פון אַזאַ דיסציפּלין ווי עס איז דאָ אין אוישוויץ. אַז מען זאָגט, מוז מען באַלד אויספירן, און דערצו איז צילי אַ העפטלינג ווי איך. צילי האָט מיר געגעבן אַ פּאַטש פאַר גאָרנישט, ווען זי האָט מיך געפּאַטשט, האָב איך געזאָגט אַז דער יידישער גאָט וועט זי פּאַטשן, ווייל זי פּאַטשט יידישע קינדער. איך האָב די דייטשן נישט דערמאָנט. „ביסט נישט איין און איינציק!" — שרייט אין מיר אריין די „העקסע", אַ יונג מיידל מיט אַ געלן קאָפּ. איר פּנים האָט פיל פאַרברעטע שפּרענקעלעך, ווילד־ברענענ־דיקע — אויסגעשראָקן משוגע'נע אויגן. „מיין טאַטע" — זאָגט זי מיר — „איז געווען בודאַפּעסטער רב. אַכט נפשות זענען מיר אַהערגעקומען קיין אוישוויץ, אַלע האָט מען אין איין מאָל פאַרברענט, איך איינע לעב, רעד איך אויף די דייטשן? דו דאַרפסט הערן און זיין שטום".

אַלע קיינטשיקעס זענען געווען אין גאַנג איבער מיין קאָפּ, און די „געלע העקסע" האָט געפּאַטשט... ווי שטאַרק איז דער מענטש? ווער זאָגט אַז ער איז שוואַך? נישטאָ נאָך אַזאַ שטאַרקע בריאה ווי דער מענטש, וואָס קאָן אַזוי פיל ליידן און אויסהאַלטן. ער איז די קרוין פון די באַשעפענישן, די שיינקייט און דערהויבנקייט אין לעבן און נישט בחינם האָט גאָט אויפגעהאָנגען די זון צו דערפרייען זיין לעבן, און איינגעשטעלט די גרענעצן פון ים'ען ער זאָל דאָס באַזינגען. שטאַרק און הייליק איז דער מענטש! ווען ער היט די יצירה, דעם צלם־אלוקים זיינעם...

אַ וווּנדערלעך נס! איך פיל נישט קיין ווייטיק, איך פיל נישט קיין קלעפּ, מיר איז אַזוי לייכט, אַזוי וואַרים, אַזוי גוט! אָט זיץ איך ביים וויגעלע פון אונדזער קינד (דעם הייליקן ערשטן קרבן פאַר קידוש ה'

און קדושת העם... אין לאָדזשער געטאָ 1941) איך זינג אים: „פּאַטשע, פּאַטשע קיכעלעך׳. דער טאַטע וועט קויפן שיכעלעך, די מאמע וועט שטריקן זעקעלעך. דער פּאָטער זיינער נעמט זיין קליין ראָזא הענטעלע אין זיין מענערישער האנט. פון גליק רונען טרערן פון זיינע גוטע ליבליכע אויגן... שטאַרקער איז די ליבע דאָרט, שטאַרקער איבער אלעם, און ווי אמאל עפנט זיך די טיר און דער שיינער איידעלער זיידע אין שטריימל קומט אריין: גוט שבת! גוט שבת! קומט די שיינע בחנ׳טע פרומע באָבע, קומען שוועסטער, מ׳שטעלט זיך ארום דעם וויגעלע. אזוי פיל גליק! אזוי פיל יידיש גליק — — — — — — — — — — — — — —

איך מאך אויף די אויגן, אָבער אויפהויבן דעם קאָפּ קען איך נישט. ער איז שווער, שטאַרק שווער. שרה זיצט לעבן מיר מיט אַ פושקעלע עסן אין דער האַנט. שוין דריי טעג זאָגט זי צו מיר האָב איך נישט געגעסן, בלויס געטרונקען אביסל וואַסער. מיט אַ לעפעלע האָט זי מיר אריינגעגאָסן אין מויל אריין אביסל מאננע־זופּ. ארום מיר שטייען העפטלינגען, אַ נס! א נס! זאגט יעדער צו זיך, א נס אז זיי האָבן דיך געלאָזט לעבן, ס׳איז גאָרנישט צום פארשטיין.

זייט אַ פּאָר נעכט קען מען קיין אויג נישט צומאכן. פון דער קעגן־איבערדיקע פּריטשע שרייט א קראנקע פרוי פון דער היץ, — און אפשר איז זי פון זינען אראָפּ? זי האַלט אין איין שרייען אויף אירע קינדער, זיי זאָלן נישט אויפפרעסן דאס גאנצע ברויט מיט איינמאָל, און באלד גייט זי איבער צום אמת׳דיקן פסוק: וואָס ווילן פון אונדז די מערדער? אָנגעזעצט זיך אויף אונדזער יידיש לעבן און פייניקן און ברענען אָן אַ סוף... אָן א סוף...

מיר האָבן מורא מ׳זאָל אונדז אלעמען נישט אויסשיסן אויפן אָרט, אונדזער בלאָק איז שוין אָנגעזענקט מיט מיר. מיר קענען גאָרנישט העלפן, גאָרנישט...

עס קומען אריין צוויי אוקראאינער מיט פעטע צעבאָמבלטע באקן און קליינע פארעטערישע אויגן. אויף די פיס גלאנציקע הויכע שטיוול, און

אנגעטאָן גראַנאַטאָווע בלוזעס. זיי זענען געגאַנגען פון פריטשע צו פריטשע, געזוכט ווייזט אויס שיינע יונגע מיידלעך. ביי אונדזער שכנות׳דיקע פריטשע זענען זיי שטיין געבליבן: „קום, סאלציה!" רופט איינער, צו אַ שלאַנק פיגורל מיט דעם אָנגעשווירענעם קעפל וואָס איז אזוי בחנ׳ט. קיינער רופט זיך צו אים נישט אָן. נישט זי הייסט סאלציה און נישט זי וועט גיין מיט אים. איינער נעמט ארויס פון הויזן־טאַש אַ גאָלדן זייגערל און פון אונטער זיין בלוזע אַ גאַנצן וואָרשט. „קום!" — זאָגט ער צו איר און כאַפּט איר אָן פאַרן האַנט. „ס׳וועט דיר גארנישט פעלן ביי מיר, וועסט האָבן עסן גענוג..." זי רייסט ארויס איר האַנט און הייבט אָן צו וויינען. „איר קענט מיך טויטן!" שרייט צו זיי אין פנים ארייַן, איך וועל מיט אייך נישט גיין". איר קול ווערט שוואכער, פאַר שרעק פאַלט זי אוועק און חלש׳ט... די רוצחים זענען אוועק מיטן גאָלד און מיטן וואָרשט...

מיט נאָך 6 העפטלינגען האָט מען מיך אויסגעוועלט צו גיין און ברענגען דאָס צוטייל־ברויט. מיר זענען געגאַנגען לענג אויס די גאַס. פון ביידע זייטן וועג שטייען בלאָקן. מיר זענען צוגעקומען צום פּלאַץ, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ מאַרק. לעבן אַ גרין־באַמאָלטן בלאָק האָבן צוויי אויפזעערקעס געשפּילט טעניס. פון דערנעבעדיקן קרייץ־וועג זענען אָנגעקומען אַ גרופּע מענער העפטלינגען. אין זייערע הענט צו צוויי ציגל. זיי האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געקומען פון איין אויסטערלישער וועלט. געטרעטן ווי שאָטנס, אָן לעבן, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, די גראָע, טעמפּע, פול מיט צער פנים׳ער קוקן שטאַר פון ווייטיק, ווי זיי וואָלטן נשיט פארנעמען, דאָס אלץ וואָס טוט זיך ארום זיי...

פיר אין דער ריי גייען זיי, פיר אין דער ריי, צוויי ציגל אין די הענט גייען די פארמשפּט׳ע. צוויי ס.ס. מאַנקעס שפּילן טעניס און פון דער קאַנטינע טראָגט זיך פריילעכע מאָרגן־מוזיק...

מיר קומען צו צום ברויט־מאגאזין. ווי פארכעוואַטע הינט וואַרטן מיר אין דרויסן. דאָס ברויט ברענגען ארויס אוקראַינער. דורכן פענצטער זע

איך קאזיא, דאָס ווייב פון פּאָלאַקיעוויץ׳. אין מיין מעמד האָט זי מיך נישט דערקענט. ווי נאר זיי האָבן אונדז דערזעען, האָבן זיי אָנגעהויבן צו לאכן. קאזיא האָט געטייט מיטן פינגער אויף אונדז: כונט! און געלאכט (דאס הייסט: הונט). אַ ברייט־פּלייציקער גוי האָט ארומגענומען איר טאליע און אוועקגעשלעפּט פון פענצטער. „היינטיקע צייטן״, זאגט ער, „טאָר מען נישט קוקן אויף אַ ייד, אַ ייד איז נישט קיין גוטע זאך, אַ ייד איז אַ שד... וועסט צופיל קוקן אויף אים, וועט מען דיך אויך נעמען פאר אַ יידישקע, און וועסט האָבן דעם זעלבן סוף, מ׳וועט מאכן פון דיר אַש...״ ער האט זי אוועקגעשלעפּט פון פענצטער. מ׳הערט נאָך אַלץ לאַכן, הויך לאַכן, ווילד לאַכן, מערדעריש לאכן — — —

קאזיא! קאזיא! אַ ייד צו זיין איז נישט פון די לייכטע זאַכן. ליב האָבן אַ ייד, הייסט אין אייער לשון — געניסן פון זיין רייכקייט, לעבן אַ גוטן טאָג אויף זיין חשבון, אָנטון זיך לויט דער לעצטער מאָדע פאר זיין פראצע. אָבער מיטליידן מיט אַ ייד, מיט זיין צער און זיין פייניגונג, ווען ער ווערט אין די אויגן פון די שונאים צו שאַנד און צו שפּאָט, דאס איז שווער... קאזיא, קאזיא! יעצט קענען לאכן פון א ייד אין זיין געפאלענקייט, ווען די רשעים דריקן מיט זייערע שטיוועלעס דעם גאָרגל... יעצט לאַכן און צו קוקן ווען מ׳ברענט יידן ווי שפּענדלעך האָלץ, ווי מ׳שניידט אונטער דאָס לעבן פון אַ פאָלק, — יעצט לאַכן, קענען נאָר רויב־פייגל, רויב־חיות, נאכט־שדים וועלכע זענען געבוירן אונטער פינצטערע שטערן — — — מיר אין אונדזער אויסזעען אויף אוישוויצער אייביק־פארשאָלטענער ערד, הייליקן די וועלט, הייליקן דאָס לעבן אויף דער גאנצער אכזריות׳דיקער ערד־קוגל. פאר דעם בלוטדאָרשטיקן חיות זייערן, פאר זייער מאָרד און רציחה באצאָלן מיר מיט אונדזער געהייליקט, ריין־יידיש, אומשולדיק נפש... פאר אייך באצאָלן מיר דעם חוב... האָט מען אונדזערע קינדער פארטיליקט, אומגעבראַכט, אויסגעשאָכטן, דערשטיקט. זייערע גוף׳עלעך די יונגע, די צאפלדיקע מיט לעבן, האָט מען געטרעטן מיט ברודיקע, שווערע שמוציקע שטיוול... אונדזערע קינדער האָבן זיך

ליב געהאַט צו שפּילן אין זאמד, צו מאכן אויס בלאָטע ברויט, צו יאָגן זיך נאָך זומער־פייגעלעך; דאָס יונגע לעבן זייערס האָט אין זיי געזונגען און געלייכט מיט טויזנטער זונען און געפרייט זיך מיט אַ גאָלד צעקלינגענע פרייד אָן אַן ענדע. אונדזערע ליכטיקע יידישע קינדער זיי האָבן אַלץ ליב געהאַט: די זון און איר גאָלד, דאס רעגנדל און זיינע זילבערנע טראַ־פּענדלעך; זיי האָבן ליב געהאַט: דאס הינטעלע און דאס קעצעלע, דאס פערדעלע און די ציג. פון די קינדערשע ראָזא הענטלעך האָבן זיי זייערע פריינט עסן געגעבן און געלאַכט דערביי מיט גינגאָלד־צעקלינגענע גלעקעלעך... אונדזערע קינדער האָבן געריסן קעצעלעך פון ווערבע־ביימעלעך און קנאָספּן פון קאַשטאַן זיי געשטעלט אין פלאַשן, זיי זאָלן זיך צעבליען... האָט זיך אַ ליבע אין זייערע הערצעלעך צעבליט פון אויפגייענדיקן לעבן אין דרויסן און דאָס אויפגעשפּראָצטע לעבן זייערס אין די יידישע היימען... יידישע קינדער־הענטלעך האָבן ליב געהאַט צו גלעטן דעם טאַטן און דער מאַמען. זיי האָבן ארויסגעליינט פון טאטע־מאמע אויגן די אומבאגרייפליכע, סודות׳דיקע פרייד ווען אַ קינד לאכט. יידישע, ליכטיקע קינדער מיינע! אַ יעדעס פון אייך איז דאָך געווען אזוי שיין ווי די זון, ווי אַ טוי־רויז, ווי אַ גוטער חלום...

טייערע יידישע קינדער! וועלכע צאָרנדיקע האנט האָט אייך דערגרייכט און אזוי יונג פארשניטן. יידישע קינדער! פרייד און קרוין פון מיין פאָלק! ווו זענט איר??? — — —

מיין האַרץ איז שוואַך און צעריסן פון בענקשאַפט נאָך אייך... ווו זענט איר? איר זענט אין גאנצן אנטקומען פון מיינע אויגן... מיט וואס האָט איר געזינדיקט אקייגן די אלע פרייע פעלקער? אייער בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואסער אויף פעלדער און זיי האָבן געשוויגן — — אל רחום וחנון! שפוך חמתך, אל נקמות!

קאזיא! קאזיא! אוקראינער! איר לאַכט? ס׳איז אייער „שדים־טאַנץ אין אַ טויטע נאַכט״ הוליעט! הוליעט! ס׳איז אייער צייט? אָ! ניין, ניין! דער גורל איז פארהוילן, בויגענדיק און סודות׳דיק. אומבאנעמענע זאַכן

דעקט ער פלוצים אויף, וואָס אונטן שווימט ארויף, אין וואָס אויבן נידריקט אַראָפּ. איר האָט נישט קיין תורה. איר האָט גאָרנישט געלערנט פון אונדזער גאָט? פון אצבע־אלוקים, פון זיינע מעשים? איר האָט גאָרנישט געלערנט פון זיין אלטן פאָלק ישראל? אויב ניין? זענט איר אומקום שטויב, אַש, ווינט, שאָטן און טויט... מיר זענען אן אַלט פאָלק! מיט אן אמונה שלמה! איר וועט אונדז נישט אומברענגען, ניין! ווען שוין אפילו אלע זענען פארפייניקט, וועט פון דעם אַש אַ דערלייזער, אַ באפרייער ארויס און וועט באפרייען די יידן און די וועלט פון די קייטן. אַ יידישער דערלייזער וועט ארויס פון אַש פון אונדזער פארברענט פאָלק.....

מיר גייען צוריק מיטן ברויט. פון בלאָק 26 האָט אַ העפטלינג געוואָלט אריבערלויפן דעם וועג אין אַ צווייטן בלאָק אריין, ווייזט אויס, בעטן אביסל עסן, האָט זיי באמערקט האנס, האנס דער שטאָרמיסט. האָט ער אויסגעשאָסן, און יעצט ליגט זי אויף דעם וועג; דער וועג אין פארגאָסן מיט בלוט... גרעטכען האָט ווייטער געכאַפּט אַ קרבן. אַ העפטלינג איז געגאנגען ברענגען אַ פלאַש וואַסער. איר פנים איז פארגאָסן מיט בלוט, ס׳רינט פון אלע זייטן, פון די אויגן, פון די נאָז, פון די אויערן — — —

נעבן בלאָק 30 ליגן אויסגעצויגן צוויי העפטלינגען אויף דער ערד. ביידע ראנגלען זיך צווישן די וועלט און יענער וועלט. זיי ליגן מיטן פנים צום הימל. ביים מויל אַ ווייסע שוים ווי זייפן־בלאָזן. קינדער פון מיין פאָלק וואלגערן זיך ווי פגרים אין די גאַסן...

מארגאָט, אן אונגאריש מיידל, האָט מיר דערציילט ווי אזוי זי האָט פון אַ פּאָרציע ברויט, ארויסגענומען דאס ווייכן, און אריינגעלייגט דאס סידור׳ל און צוגעדעקט מיטן ווייכן. אפשר האָט מיר גאָט געשענקט דאָס לעבן, איך זאל איבערגעבן דאס אלץ וואס מיינע אויגן האָבן זיך צוגעזעען, עס זאל איבערבלייבן א געדעכעניש פון יענע גרויזאמע שווארצע טעג וועלכע האָבן זיך אראָפּגעלאָזט ווי אַ וואָלקן־בראָך איבער דעם קאָפּ פון יידישן פאָלק־ישראל, און דאָס אלץ וועט דערגיין צו יידישע הענט, וועט עס זיין אַ וואָרעניש פאר אלע קומענדיקע דורות, אז דער ייד זאָל זיך

אליין נישט מער אָפּנאַרן, און זאל נישט ווערן אָפּגענאַרט דורך די פעלקער... אלע יידן, פון דער גאנצער וועלט זאָלן זיך צעמענטירן אין איין שטאַרקן, גרויסן, ריזיקן, געאייניקטן פאָלקס־כוח, אַ שטאָלצן און אַ זעלבסטשטענדיקן אין אונדזער מדינה און ביי די גרענעצן אויף דער וואַך פון יידישן לעבן; קעמפן ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, ווי אַ שטאַרקער מיט שטאַרקע און מצליח זיין און זיגן ב״ה. מיר ווילן נישט זיין די געקוילעטע! מיר ווילן נישט זיין מער הפקר! מיר ווילן זיין א כוח!... אויף וואס קענען אונטערדריקטע וואַרטן און האָפן ווען זיי הענגען אָן זייער פרייהייט אין פרעמדע פעלקער? לאָמיר האָפן! די דערלייזונג וועט קומען, ווי אן אויפגאנג פון דער זון. מיר וועלן שטאַרקן אונדזער פויסט... עין תחת עין! שן תחת שן!!! אמן...

ס׳קומען אָן אן אויפהער טראנספּאָרטן. פאר די פרישע איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין די בלאָקן, זיי נעכטיגן אין דרויסן אויף דער קאַלטער, ליימענער, גראָדיקער, אסיענדיקער ערד...

„אפעל! אפעל״!! א געלויפעניש און א צעמישעניש. ס׳טרייבט ארויס פון די בלאָקן ביז צו איינע. און די טיר ווערט פארהאַקט אויף אַ קייט מ׳זאָל זיך נישט קענען צוריך אריינבאקומען. פון צעמישעניש לויפט מען זיך באהאלטן אין די קלאָזעטן, אַ טייל אין וואַש־צימער, און אַ טייל אונטער די בלאָקן. פון מעריב זייט גייען אַדורך אלע פרישע טראַנספּאָרטן; דאָרטן טאָר זיך קיינער נישט געפונען. אָבער יעצט אין אן עת־צרה פארגעסט מען אלע באפעלן, מען אנטלויפט ווי די אויגן טראָגן...

מיר שטייען פיר אין דער ריי. די אויפזעערקע הייסט אוועקווארפן די פושקעס מיט די שפענדלעך. מ׳פירט אונדז אין דער באָד אריין. אַ יעדע פון אונדז האָט באקומען אַ שטיקל זייף. מ׳פירט, אונדז אין „פרישניק־שטובע״.

נאָך די באָד האָט מען אונדז צוזאמענגענומען גרופּענווייז נאַקעט און ארויסגעפירט אין דרויסן. מיר מאַרשירן נאקעט פיר אין דער ריי ביז צו די באַן־רעלסן. צוויי אָפיצירן אין גרינע מונדירן באקומען אונדז און

נעמען סעגרעגירן: לינקס, רעכטס, לינקס, רעכטס. די דארע, שוואכע און בלאַסע נעמט מען אין אַ זייט. מיר ווייסן אַלץ נישט וואס מ׳וועט טאָן מיט אונדז. שרה׳ן האָט מען פון מיר אוועקגענומען און געשטעלט אין אַ זייט, איך בין ארויס פון מיין גרופע, ארויסגעכאפט זי פון דער צווייטער גרופע, און מיר זענען ווייטער צוזאמען. די פרוי פון יעקב לוי דעם לערערס אויף וויניעווסקי־גאַס האָט מען אויססעגרעגירט, זי איז שוין אין די מיטעלע יאָרן, זי קנייפּט אירע באַקן די פארב זאָל אויס, זי קומט צוריק אין אונדזער גרופע.

שאַ שטיל, קיינער וויינט נישט, קיינער שרייט נישט, שאַ שטיל, מיר וואַרטן — — — — דער טויט הענגט אויף יעדנס אַקסל... מיר גייען אין באקליידונגס־שטובע. יעדע באקומט אַ העמד, אַ קלייד און שיך. יעצט ווייסן מיר אז מיר זענען דערוויל צווישן די לעבעדיקע, וועלכע מ׳שיקט אויף ארבעט קיין דייטשלאנד. מ׳פירט אונדז צו דער באַן־ליניע. יעדע האָט באקומען אַ שטיקל ברויט, מארגארין און אַ שטיקל ווורשט. נאָך גרויס ווארטענישן הערן מיר אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו. זי האָט נאָך זיך געצויגן לאַסט־וואַגאָנען. מ׳האָט אונדז אויפגעלאַדעוועט ווי בהמות, ווי הזירים...

## אלץ ווייטער און ווייטער צום אומבאקאנטן...

מיר פאָרן. די וואַגאָנען, די זעלבע מיט וועלכע מיר זענען געקומען קיין אוישוויץ. אַ ברודיקער, פאַרדומפּעצטער קאַסטן מיט אַ קליין פאַר־קראַטעוועט לאָך, אַ זעלנער האָט אַריינגעשטעלט אַ קיבעל וואַסער מיר זאָלן האָבן צו טרינקען. מ'הערט דאָס יאָגן פון די רעדער, דאָס איילן זיי זיך אונדז צוצושטעלן צו דער צייט.

ס'האָט אָנגעהויבן טריקן ווערן און קרעלן אין האַלדז. וואַסער האָט מען איינגעשטעלט אין פּאָרציעס. דאָס וואַסער האָט געזאָלט סטייען אויף די לאַנגע רייזע, אָבער די ענגשאַפט, און דאָס געשטאַנק האָבן געשאַפן דעם דאָרשט און גורם געווען מיר זאָלן עס אויסנוצן אין אַ קורצער צייט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשטופּעניש און אַ געדרענגעניש ארום דעם קיבל. געשריגן האָט איינע העכער איבער די אַנדערע, יעדער האָט געוואָלט וואַסער אין געדראַנג ביז ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. מען האָט זיך געשלאָגן ווען ס'איז שוין קיין וואַסער נישט געווען. די זעלנער וועלכע היטן אונדז פון דרויסן קלאַפּן אַריין מיט דער קאָלבע פון דער ביקס, זיי וואָרענען — אויב ס'וועט נישט ווערן שטילער, וועלן זיי אַריינשיסן. דאָס פּועל'ט. ס'ווערט שטיל. מ'צעלייגט זיך אויף דער פּאָדלאָגע, פּלאַץ איז דאָ פאַר יעדע. אין אונדזער וואַגאָן זענען דאָ ביז 50 העפטלינגע. די ערשטע נאַכט. די ערשטע נאַכט זענען מיר געשלאָפן אַ פּאָר שעה אָן איבערייס, ווייל מיר זענען געווען פאַרמאַטערט פון אַ גאַנצן טאָג.

די ערשטע פּאַרטאַגיקע שטראַלן שלאָגן זיך אדורך דורך די קראַטן. ווו זענען מיר אויף דער וועלט? איך נעם דעם קיבל און דריי אים איבער, איך זאָל מיך קענען אויף אים אַרויפשטעלן. איך קוק אַרויס: ס'ציען זיך

פעלדער אָפּגעשניטענע פון קאָרן, ווייץ און גערשטן. אָשיענדיקע פוילישע פעלדער שטייען נאקעטע. אויף מאנכע פון זיי גרינט נאָך פאפריקע, פון וועלכע מ׳קלאַפּט שפּעטער אויס הירזש (אזא געלע קאשע). גרויסע סטאָגעס היי שטייען אין פעלד. די זייטיקע וועגן זענען באַשאָטנט מיט ווערבע־ביימלעך. בעריאָזקע ביימלעך שטייען אויך שוין נאקעט. בוימער־בלעטער טאַנצן דעם אָסיען רעגנדיקן טאַנץ אונטער גראָע הימלען, ווי זיי וואַלטן געוויינט. סטאַדעס פייגל וואנדערן אוועק אין וואַרימע לענדער. דער לאָקאָמאָטיוו לויפט און לאָזט אלץ הינטער זיך. פויערשע האַטעס מיט שטרויענע דעכער איינגעזונקענע אין דער ערד שלאָפן נאָך, איבער די דעכער קרייזלט איין איינזאמער פויגל, פארלאָזן און דערשראָקן. אַ בילן פון אַ הונט דערגייט פון ווייטן. אַ פאַסטעכל פירט דריי קו צו דער פּאַשע. אים לויפט נאך אַ קליין געל הינטל. איבער אלעם הענגט אַ שווערער הימל, אַ באַטריבטער און באַוויינטער... דאכט זיך אז ער טרויערט און וויינט מיט מיט די רעשטלעך פון אַן אומגעקומען פאָלק... ער וויינט מיט מיט די רעשטלעך יידישע קינדער וועלכע ווערן אזוי געטריבן ווי הארבסט־בלעטער אין ווינט. ס׳האַרץ פון דער וועלט האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן. אלע בייזע רוחות און חיות האָבן גענומען די אויבערהאַנט, זיי קערעווען מיט דעם לעבן און שלעפּן דאָס וועלט געוויסן נידעריקער, אראָפּ ביז צו פארלוירענע אָפּגרונטן... ביז צו א שווארצער פארפאַלנקייט... די לאָקאָמאָטיוו לויפט און לאָזט אלץ הינטער זיך. דער פוילישער הארבסט זעט אויס ווי דאס יידישע צעוויינטע הארץ... אין טרערן שטייט דער הימל, אין טרערן שטייט די ערד... צער גידול בנים, אויך דאָס קיילעכדיקע יאָר האָט נישט קיין נחת פון אירע 12 בנים, די 12 חדשים. טרויעריק איז דאָס צענטע קינד פונם יאָר, דעם „אָקטאָבער״. גרוי איז זיין אויסזעען און פאַרבענגט, אין סאמע מיט צווישן צוויי ברידער זיינע איז ער שטיין געבליבן, אַן אומבאַהאָלפענער, אַ נעבעכדיקער. מיט איין פוס שטייט ער נאָנט זיין ברודער אוגוסט, האָטש ער איז לאנג אָפּגעגאַנגען אַ מהלך; מיטן צווייטן פוס שטייט ער נאנט צו זיין ברודער דעצעמבער, האָטש ער איז נאָך

ווייט פון אים. אין סאמע מיט צווישן צוויי צייט־יאָרן „זומער" און „הארבסט". נישט אהין און נישט אהער. ער ראנגלט זיך... מיט די לעצטע כוחות ציט ער זיינע הענט אויס, צו די שוין בלייכע און קילע שטראַלן, טרויעריק איז אים דעם „אָקטאָבער". הארב איז זיין לעבן, דערפאר האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ און וויינט... און ווען דער הארבסט וויינט, וויינט אלץ ארום... אין קלאָג־קליידער שטייען געהילט די קלאַנען; מיט צעריסענע ארעמס, די טאָפּאָלן; בעריאזעס פאריתום'ט, אפילו די ברייט צעלייגטע קאשטאַנען שטייען פארלאָזט, איינינקע אליין. קינדער קומען נישט מער אונטער זייער שאָטן, קינדער זינגען נישט מער אונטער גרינינקע ביימעלעך שפילן זיך, יאָסעלעך, שלמה'לעך, משה'לעך... אין דרימל שטייען די אַקאַציע ביימער, ווי זיי וואָלטן נישט וועלן אויפשטיין מער צום לעבן, ווייל די יידישע, פרומע באָבע מיט אירע אייניקלעך קומט נישט אין זיין שאָטן זיך שפילן און שטריקן פאר זיי זעקעלעך... הארבסט וויינט מיט די רעשטלעך פון אויסגעקוילעטן יידישן פאָלק, אלץ וויינט מיט, די וועלט איז איינזאם, פארלאָזן אָן אַ פאסטעך...

האָבן זיך שוין די האָניק־טרעגער אין די בינשטאָקן פארשטעקט שוין צום ווינטער־אָפּרו. די מוראשקעס באוואכן שוין זייערע מאגאזינען, דער מויל־וואָרם שפּאַצירט זיך אין וואָרים קאָרידאָרל. אַ בענקשאַפט צעלייגט זיך אומעטום. רוימט מען פעלדער אָפּ, רוימט מען אויס סעדער און גערטנער. די פייגל זענען אוועק, זיי האָבן זיך דערשראָקן פאר דער קילקייט פון ווינט, פאר נאקעטקייט פון די וועלדער און פאר דעם אומעטיקן רעגן וואָס קלאַפּט אזוי אומעטיק און לאנגווייליק... פייגל זינגען נישט, טרויעריק איז אין האַרצן, אין יידישע אויגן איז קיין פרייד נישטאָ... מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעטרינקען מיטן טריבן און טרויעריקן פון ארום...

מדארף ארויסגיסן דעם קיבל, איך נעם דעם עמער און גיב אַ שפריץ ארויס דורך דעם לאָך אין דעם פארקראַטעוועטן פענצטער. אַ טייל פון דעם אומריינקייט איז ארויסגעפאַלן און אַ טייל האָט צוריקגעשפריצט און אָפּגעגאָסן מיין קאָפּ... איך האָב אויסגעטאָן די איינציקע קלייד וועלכע

דארפֿן מיך שיצן פֿארן ווינטער, אָפּגעווישט מיין קאָפּ און ווייטער ארויס־געקוקט דורך דעם קראַטן־פֿענצטער.

אויף אַ סטאַציע מיט געלאדענע וואַגאָנען זענען מיר פֿאַרהאַלטן געוואָרן. פֿיל וואַגאָנען מיט געלאדענע מענער. ווייזט אויס נישט יידן, ווייל זיי באַוועגן זיך פֿריי אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. זיי רעדן מיט אַ שפּראַך וועלכע מיר פֿאַרשטייען נישט. זיי רעדן צו אונדז אָפּגעהאַקטע ווערטער — איטאַליאַנו, מוסוליני, דויטשלאַנד, צו אונדזער קראטן־פֿענצטער זענען צוגעקומען נאָך מענער און האָבן געזונגען אַ ליד: דאננע! דאננע. אונדזער לאָקאָמאַטיוו האָט געריררט און געלאָזן אַלץ הינטער זיך...

קיין וואַסער איז נישטאָ, דארשט איז פֿיל ערגער ווי הונגער. הונגער קען מען לאַנג אויסהאַלטן. דארשט ציט אויס די נשמה און ברענגט דעם פּריצייטיקן טויט. דאָס אָרט ביים פֿענצטער האָב איך אָפּגעטרעטן אַ צווייטע און אליין ליג איך אויסגעלייגט אַ האַלב־טויטע. פֿיל העפֿטלינגען ליגן אַזוי אויסגעלייגט. אַ טעמפּקייט און אַ מוטלאָזיקייט האָט אַלעמען באַהערשט. מיר וויסן נישט, וועלכער טאָג סאיז אין דער וואָך, און מווייסט נישט וועלכע שעה. אָט ליגט מען אויף די ברעטער. אָט שטייט מען אויף, אָט קוקט מען אַרויס. דער הונגער פּייניגט, די ליפּן טריקענען און קיין וואַסער איז נישטאָ. שרה זיצט לעבן מיר, דאָס איבערבלייבעניש פֿון דער משפּחה, איך פֿיל דאָס גליק פֿון אַ נאָענטן, אַ ווידער־קול פֿון מיין ליכטיקע ליבליכע יידישע היים...

די לאָקאָמאַטיוו יאָגט און לויפֿט אין אומבאַקאַנטן וועג. די נאַכט נעמט צופֿאַלן. נישטאָ קיין עסן און נישטאָ קיין וואַסער. מליגט אויסגעצויגן אויף די ברעטער.

חנה׳לה לאנדאו פֿון לאָדזש איז טויט־קראַנק. איר שוועסטער זיצט לעבן איר און האַלט אין איין וויינען. חנה׳לה ליגט און ברענט אין פֿיבער. זי האַלט איין איין ברעכן. מהאָט זי צוגעטראָגן צום פֿענצטערל און דאָרט זי אנידערגעלייגט, אונטער דער וואַנט. זי רעדט נישט, נאָר ווייזט מיט

דער האַנט דעם קאָפּ... מיר קלאַפּן שטאַרק אין דער טיר, אין די ווענט, משרייט: וואַסער! וואַסער! נישטאָ קיין ענטפער.

די לאָקאָמאָטיוו בלייבט ווייטער שטיין. גוטשע קוקט אַרויס דורכן קראטן־לאָך „פיל וואַגאָנען מיט מיליטער!" — גוטשע האָט ביי אַ סאָלדאַט געבעטן אַביסל וואַסער פאַר אַ קראַנקן, צו אַלעמענס דערשטוינונג ברענגט ער צו אַ פלעשל וואַסער. מהאָט געמוזט גוט אַרבעטן, ביז מהאָט עס אַריינגעצויגן דורך די קראַטע. די לאָקאָמאָטיוו לויפט ווייטער, סהייבן זיך אָן מערן קראַנקע, די צאָל ווערט גרעסער און גרעסער. ווען די פאַרטאָגיגע מאָגערע, אָרעמע זון־שטראַלן האָבן אַריינגעדרינגען דורך דעם לאָך, זענען געווען 12 קראַנקע. אַלע ליגן אין פיבער. חנה׳לה רעדט פון די היץ. די שוועסטער ליגט לעבן איר און וויינט. סאיז שוין גוט טאָג. דער הונגער שניידט אין מאָגן מיט ווייטיק, און נעמט דערגיין די יאָרן. די צייט רוקט זיך גאָרנישט פאָראויס. צום טאָג וויל גאָרנישט נעמען קיין ענדע. דער טאָג ווערט אַזוי לאַנג אויסגעצויגן ווי דאָס פינצטערע גלות־לעבן...

חנה׳לה האַלט צו די אויגן. איערע צעשויבערטע צעפּ ליגן אויסגעלייגט פוןביידע זייטן פּנים, וואָס איז גראָ און בלאַס און רויט... גוטשע זאוואדזקא האָט שילשול. יעדע פאָר מינוט מוז מען אַרויסגיסן דעם עמער. מהערט פייפן, די פאַרע שיסט אויס, די לאָקאָמאָטיוו בלייבט שטיין, די קייטן קלינגען, די טירן צעעפענען זיך. מיר לויפן אַרויס פון דעם שוואַרצן קאַסטן. אַלע לויפן מיר זוכן וואַסער פאַר יעדן פרייז, אפילו, ווען זיי די צוררים וועלן שיסן. מיר האָבן גאָרנישט וואָס איינצושטעלן, סיי ווי איז אונדזער פינצטער לעבן קיין לעבן, און קיין כוח אויסצוהאַלטן איז אויך שוין נישטאָ... מנעמט צוזאַמען די גרופּע און מהייסט וואַרטן.

אַ סאָלדאַט אין אַ שוואַרצן מונדיר קומט און טוט צעוויסן דעם זעלנער, וועלכער פאַרט מיט אונדז, אַז דער אַרבעט־פּלאַץ איז שוין פאַרנומען דורך העפטלינגען, וועלכע זענען געקומען אַ שעה פריער. נאָכן אָנטרינקען זיך גוט מיט וואסער זענען מיר ניי־געבוירענע מונטערע און פרישע. דער

דאָרשט האָט געשטילט דעם הונגער. מיר, די וועלכע האָבן זיך נאָך געהאַלטן האָבן באַקומען ווילן צום לעבן אין אָנגעהויבן גלויבן און האָפן, אַז מיר פאָרן צום לעבן. דער סימן, אַז די סאָלדאַטן האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן געוואָלט, און זיי האָבן נישט געשאָסן. פון דעם האָבן מיר געדרינגען, אַז מיר מוזן לעבן, און וועלן לעבן. בלויס דאָס אַליין, אַז מיר האָבן געהאַט גליק ארויסצוקומען פון אוישוויץ, איז שוין אַ גענוגענדער באַווייז.

ווען די לאַקאָמאַטיוו האָט געררירט, איז שוין געווען נאַכט. דאָס וואַסער האָט לאַנג נישט געהאַלטן און דער הונגער האָט זיינס געטאָן. מיט איין מאָל האָט ער אַזוי פאַרשוואַכט דעם גוף, אַז פיס און הענט זענען געוואָרן ווי פאַרשטייפט. פאַרשוואַכטע זענען מיר געלעגן ווי די פליגן פאַרן טויט, אַ טאָג און אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג...

ווען מהאָט געעפנט די טירן און קאָמאַנדעוועט: אויסשטייגן! האָבן נאָר אַ פאָר געקענט גיין אויף די פיס. די רעשט האָט מען אַרויסגעטראָגן. צוויי וועגענער געשפאַנט אין פערד האָבן געוואַרט. ווען אַלע קראַנקע זענען שוין אויפגעלאדן, האָבן זיי אונדז איינגעשטעלט פיר אין דער ריי. ביז 15 אפיצירן מיט אויפזעערקעס האָבן אונדז באַגלייט אין וועג, און מיט זיי גרויסע ריזיקע הינט. מיר זענען געווען זיכער אַז די הינט זענען געוואָרן אַהערגעבראַכט כדי זיי זאָלן אונדז צערייסן, און עסן אונדזער פלייש (וועגן הינט האָבן מיר שוין גענוג געהערט אין אוישוויץ). מיר זענען געגאַנגען אין שרעק, אַז אָט אָט וועלן די הינט אנהויבן זייער אויסגעלערנט שפּיל, הינטער אונדזערע פּלייצעס. מיר האָבן מאַרשירט. די אויגן האָבן שוין נישט געקענט פאַרנומען דאָס טאָג־ליכט, סהאָט געשווינדלט אין די אויגן. מיר זענען געפאַלן און אויפגעשטאַנען, געפאַלן און געגאַנגען, און ווייטער געפאַלן און ווייטער געגאַנגען...

ווען מיר זענען אָנגעקומען צום שייד־וועג, האָט אויף אַ סלופּ געהאַנגען אַ צעטל: ב ע ר ג ע ן ־ ב ע ל ז ע ן. אַ ברייט האָלצערן טויער האָט זיך געעפנט און מהאָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן אָפּגעצוימטן שטח, מיט

צעוואָרפענע פּאַלאַטקעס, און איינסטאַלירטע קראַנעץ מיט וואַסער צום וואַשען זיך. מען האָט אונדז צעטיילט אין באַראַקן. ווען איך בין אַריין מיט מיין גרופּע אין דער פּאַלאַטקע, זענען שוין דאָרט געלעגן אַ פּאָר קראַנקע אויסגעלייגט אויף שטרוי. מיר האָבן פאַרנומען ערטער אויפן אויסגעבעטן שטרוי. חנה׳לען האָט מען איינבלאָקירט אין באַראַק 7.

## בערגן-בעלזן

אַ גרויס שטיק באַגרינט פעלד. אַרום וואַלד. וואַך־פּאָסטנס רינגלען ארום. סזענען אויפגעשטעלט אַ סך גרינע פּאַלאַטקעס, אינעווייניק איז אויסגעלייגט שטרוי, און אויפן שטרוי ליגן מיר. דאָס איז אונדזער וווינונג און אונדזערע בעטן. אין דרויסן וואַשן מיר זיך נאַקעט. נישט אַ גאַנצן טאָג איז דאָ וואַסער, — צוויי שעה אין טאָג און ביי נאַכט. ווער עס וויל זיין ריין אין האָבן אַ ריין קלייד, די ווערם זאָלן נישט עסן ביים לעבן, וואַשט זיך ביי לבנה־שיין, ביי אַ גרויסע קעלט. מנעמט ארום די דעק (אין בערגען־בעלזען האָט יעדער געקראָגן א דעק) אין מגייט אויפן שטרוי, דאָס קלייד מוזן מיר אָפּטער וואַשן, ווייל סאיז גלייכצייטיק אַ העמד, אַ נאַכט־העמד, הויזן, און אַ קלייד, אַלץ וואָס אַ פרוי באַדאַרפט. דריי מאָל אַ טאָג באַקומען מיר עסן, צוויי מאָל צו 10 דעקאָ ברויט און איין מאָל אַ זופּ. מיר מעגן שפּאַצירן פריי אויף דעם אָפּגעצוימטן שטח. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר אין דרויסן, די לופט אַ גוטע און ריינע. סשמעקט מיט נאדל ביימער. נאָך אוישוויץ איז דאָס אַ „גן־עדן". — — —

טאָם, אַן אוקראַינישער פויער, קומט יעדן טאָג מיט וואָגן און פערד און ברענגט קעסלען עסן. אויך דאָ ווי אין אוישוויץ גיט מען נישט קיין שיסעלע און נישט קיין לעפל אין וואָס אַריינעמען די זופּ. מיר האָבן שוין פּראַקטיק פון אוישוויץ, תיכף, ווי מיר זענען נאָר אָנגעקומען האָט מען זיך שוין געלאָזן אויף די מיסטן נאָנט צו די וואַכט־זעלנער, וועלכע וואַרפען אַראָפּ די פּושקעס פון קאָנסערוון. אויפגעזוכט אַ פּושקע, אויסגעריבן דאָס גוט מיט זאַמד, אַז דער קייסער אַליין קען שוין עסן דערפון... גלייך אויסגעזוכט אַ העלצל, אַ שטיקל גלאָז און אָנגעהויבן

אַרבעטן איבערן קונסט־שטיק, סזאָל אַרויס אַ גלאַטיקער און שיינער לעפל. דאָס וואָס מען דערעסט נישט מיטן לעפל, דערטרינקט מען מיטן ראנד פון דער קאָנסערוון־פושקע...

„בערגען־בעלזען” איז אַ רעזערוו־לאַגער. דאָ ברענגט מען אַהער העפטלינגען אויסעגרעגירטע פון קוימנס, זיי צוצושטעלן צו די אמוניציע און פארבן־פאבריקן. דאָרט פארטרעטן זיי די קראַנקע, וועלכע ווערן צוריקגעשיקט קיין אוישוויץ, אָדער אין בעסטן פאַל קיין „בערגען־בעלזען”. קראַנקע ווערן אויסגעטוישט מיט געזונטע.

נאָך אונדעזער איינקוואַרטירן האָט מען געברענגט צופירן אויף אַ וואָגן 7 מיידלעך, אלע זיי זענען קראנק. איינע איז שטארק געשוואָלן; צוויי זענען האַלב בלינד־געוואָרענע פון די פאַרבן און די רעשט הוסטן און שפייען מיט ראָפּע. זיי האָבן באַקומען אַ באַזונדערן באַראַק, זיי אויסגעלייגט אויף שטרוי און צוגעדעקט מיט דעקן. פרוי קערנער פון פאַביאַניץ, אַ ציין־ארצטן, פירט אָן מיטן „אַמבולאַנס”. אַ פּאָר אונגאַרישע מיידלעך העלפן איר צו.

אויף אַ שיטער ביסל שטרוי אויף דער ערד אין דרויסן, פארן בלאָק 7 ליגט חנה׳לע. צוויי טעג האַלט זי שוין צו די אויגן און ליגט אונבאַוועג־לעך. איר נאָז איז אויסגעצויגן און געל. די שווארצע צעפּ איערע ליגן פאַרפּלאָנטערט, פאריתום׳ט... מיר דערקענען זי נישט, איר צורה האָט זיך געענדערט. די שוואַכע קענען צו איר נישט צוגיין. די שטארקע אין כאַראַקטער שטייען אָדער זיצן ביי איר און וויינען אַריין אין דעם יונגן לעבן, דעם יידישן קרבן... שטיל האָט חנה׳לע צוריקגעגעבן איר ליכטיקע, כשר׳ע און ריינע נשמה אין די הענט פונים „נצח־ישראל”. חנה׳לע איז נישט מער דאָ צווישן אונדז. דער גוף? וואָס איז דער גוף? גענומען פון די ערד און קערט אום צו דער ערד... אַלע זענען מיר אַריין אין די באַראַקן, געפאַלן אויפן בינטל שטרוי און מטרויערט שטומערהייט איבער דעם טויט פון אַ יידיש פאַרשניטן קינד. אכטצן פארשניטענע, יונגע

פרילינגס, אכטצן צעבליטע יאָרן... איר שוועסטער ווייסט נישט פון איר טויט. זי ליגט אין קראנקן־באראק מיט הויכן פיבער.

פייגעלע שטייט ביי איר צוקאָפּנס און זאָגט אַ קאפּיטל תהילים פון סידורל (וואָס זי האָט עס אַהערגעשמוקלט אין אַ רעפטל־ברויט) „שמע־ישראל! טייערע שוועסטער פון מיין געפייניגט און געטריבן פאָלק! קיינער וויל אונדז נישט ראַטעווען. קיינער נעמט זיך נישט אָן פאַר אונדז. גרויס איז אונדזער בראָך און פינצטער אונדזער לעבן. חנה׳לע ליכטיג קינד! נזכור אותך לנצח״ וועט דיין נאָמען זיין אין צרור החיים פון אַלע קדושים. איר וועט אַלע לעבן אין אונדזערע הערצער ביז קץ־הימים...

אונדזער גאַנץ לעבן איז בלויס נסים, אפשר וועט גאָט באַווייזן אַ נס און מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן יידן מער נישט טראכטן וועגן איינזאמלען געלט, לעבן אין רייכטום צווישן פרעמדע. יידן זאמלען איין פאר פרעמדע — — — און זיי לויערן נאָר אויף דעם יידישן לעבן... מיר האָבן זיך נישט מיט וואָס צו ווערן. פאר וואָס האָט מען אונדז נישט געלערנט האַלטן אַ שווערד אין דער האַנט צו שיצן אונדזערע קינדער? מהאָט אונדז געלערנט באַוויינען אונדזערע טויטע — — — שמע־ישראל! יעדער ייד וואָס וועט בלייבן לעבן, וועט האלטן אַ ביקס אין זיין האַנט און נעמען נקמה — פאר דיר, פאר יעדן יעדן יידישן קינד, פאר גרויס און קליין, פאַר דעם פאַרגאָסענעם הייליקן בלוט... מיר ווילן מער נישט גיין צו דער שחיטה! — — —

נאָך חנה׳עס טויט האָט מיך באַפאַלן אַ שטאַרקע מורא... איך האָב געציטערט צו זיין אין דרויסן, איך בין אריין אין מיין פּאַלאַטקע, געפאַלן אויפן שטרוי — — — בורא עולם! ווער וועט טראָגן דיין נאָמען אין דער וועלט?, און דייך כבוד ווער וועט שיצן, ווען דיין פאָלק גייט אָפּ אין בלוט און אין פייער?...

לא המתים יהללויה, ולא כל יורדי דומה — — —

טאם האָט אונדז געזאָגט אז היינט איז פרייטיק. צווישן טאָג און נאַכט האָב איך זיך פאַרקליבן אין א ווינקל, ווי קיינער זאָל מיך נישט זעען.

דער הימל איז געווען אַ קלאָרער. אַ שטיקל לבנה איז שוין געהאט אַרויס, אַרומגערינגלט מיט דריי שטערן. היינט איז פרייטיק, איך דערמאָן זיך אין מיין אמאָליקע היים, מיין יידישע הייליק היים! האָסט געשמעקט מיט הייליקייט, זיסקייט, היימישקייט, ריינקייט או שפע... מיין יידישע היים! שבת און יום־טוב האָבן פריילעכע קינדער צעקלונגען די לופט מיט רינה און תפילה... מיין פאַרלוירענע היים! פיל ליכט און חן האסדו געהאַט... היינט איז פרייטיק אויף דער נאַכט, און דו היים, ביסט אַוועק מיט אַלע יידישע היימען — מיט ווייטאָג, מיט רויך, מיט פייער, מיט רויב און בלוט...

טאם דער אוקראינער, וואָס ברענגט אונדז עסן, האָט מיך דערמאָנט אין מיין היים. מיר זענען געפאַנגען ווי הינט, און לעבן ערגער ווי אַ היימלאָזער הונט; און אפשר לעב איך נאָר דערפאַר אַז איך זאָל אנצינדען שבת־ליכט נאָך די חרב׳געוואָרענע היימען, וואָס סאיז פון זיי קיין זכר שוין נישט פאַרבליבן? אפשר לעב איך דערפאַר, און אפשר נאָר דערפאַר שענקט מיר גאָט מיין לעבן אַז איך זאָל ווייטער שפינען מיין היים און אויפהאלטן דעם יידישן בנין? דארף איך ליכט צינדן, איך די איינציקע היטערן פון דער גרויסער משפחה, וואָס איז געוואָרן אָפּ־געווישט אָן געדעכעניש... איך דאַרף ליכט־צינדן און אויפהאלטן דעם שבת, דעם שבת־קודש פון מיין היים... יא! איך ווער דיך היטן הייליקער שבת! איך וועל ליכט אָנצינדן, מאכן א ברכה איבער זיי איך וועל דיך נישט פארגעסן מיין יידישע היים — — —

ווי צינדט מען אָבער ליכט, אז קיין ליכט זענען נישטאָ? — — —

איך האָב געמאַכט אַ ברכה איבער די לבנה ליכט און די שטערן ארום איר. אפשר איז דאָס גאָרנישט קיין צופאל וואָס איך מאך אַברכה ביי דער לבנה ליכט? די אומות העולם ציילן לויט די זון, און מיר יידן לויט דער לבנה. זי ווערט קלענער און גייט אויף און שטענדיק ווערט זי באנייט, די לבנה איז דער סימן פון ישראל. אפילו איר ליכט איז טונקעלער פון דער זון, ווערט זי באנייט יעדן חודש, אזוי ווערט באנייט דאָס לעבן

פון ישראל פון היינט ביז דער לאַנגער אייביקייט... ממאָרדעוועט אונדז און מיר באנייען אונדזער לעבן... מפייניקט אונדז און מיר באנייען אונדזער לעבן... מ׳שעכט אונדז און מיר באנייען אונדזער לעבן... אַזוי ווי די לבנה ווערט געבוירן און פאַרשטעלט, אָבער איר ליכט גייט נישט אויס קיינמאָל. דאָס באַנייען פון די לבנה איז דער סימן צו די יידן, אז זייער ליכט וועט נישט אויסגיין. זיי וועלן באנייען זייער לעבן ווי אַן אדלער זיין יוגנט, און דאָס איז די אייביקע שיינקייט...

איך נעם אויף מיר דעם שבת־קודש, די הייליקע מתנה פון סיני־בארג...

איך בין אריין אין מיין באראק א באשטראלטע מיט נייע האָפנונגען, אַז אלץ איז נאָך נישט פארביי. מוועט אָנהויבן ראטעווען, וויפיל סוועט זיין מעגלעך. די אונגארישע טעכטער האָבן אוועקגעשטעלט א היטערן ביי די פּאַלאַטקעס, און מיר אלע האָבן אָנגעהויבן זינגען אין טרויער. פון אַלע פאַלאַטקעס זענען זיך צוזאמענקעקומען טעכטער, מהאָט דערציילט מעשיות, אגדות, און געזינגען פאָלקסטימלעכע לידער, הארציקע לידער, וועלכע דערוואַרעמען און גלעטן סהארץ... מהאָט געבראכט א טראנספּאָרט פון 800 אונגאריש־יידישע פרויען. מיר פוילישע האָבן גאָרנישט געוווסט פון אַזאַ שיינעם קיבוץ יידן אין ציגיינער־לאַנד. די טעכטער זענען זייער פרום. זיי גייען צוגעבינדן די קעפּ און גאנצע טעג דאַווענען זיי און זאָגן תהילים. זיי וואַשן זיך צום עסן ידן טאָג.

חייטשע, ווייס, סימה, גיזי און פאני האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סידורל איינגעקנעטן אין אַ רעפּטל ברויט. אָדער איינע דאַוונט, און אַנדערע הערן זיך צו, אָדער גרופּענווייז דאַווענען זיי בקול. גאַנצע טעג בעטן זיי פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער, אז דער שונא זאָל נישט האָבן קיין מאַכט איבער זיי, איבער דעם הייפעלע וואָס האַלט זיך נאָך ביים לעבן... מיט דעם ערשטן טאָג־שטראל האָבן זיי אָנגעהויבן צו בעטן, און פאַרענדיקט ביזן לעצטן פארגייענדיקן שטראל; געבעטן פאר דעם הייפעלע איבעגעבליבענע פון גאָטס פארשניטענעם פאָלק...

צווישן די אונגארישע טעכטער זענען געווען צוויי שוועסטער וואָס

האָבן געקענט פיל לידער פון אויסנווייניק, פון דעם באַרימטן חזן יוסעלע רויזענבלאַט. דעם נאָענטן פרייטיק האָט לייטשע געפונען צוויי ליכטעלעך, באַהאַלטענע אין שטרוי, און שוועבעלעך איינגעפּאַקט אין גרין האַלב־פאַרוועלקטע בלעטער, אַ סימן, אַז דאָ זענען געווען יידישע העפטלינגען. אויף שבת האָט סימה אויסגעקליבן דעם גרעסטן באַראַק, סזאָלן קענען אַריינגיין אַ סך פרויען. מיר האָבן שוין געוווּסט די טעג אין דער וואָך, ווייל טאָם איז געווען אַ גוטער פויער, ער האָט אונדז געבראַנגט אַפּאָר לעפּל, זאַלץ און ציבעלעס.

אַ טשעכיש מיידל וואָס אַרבעט אין דער קיך ברענגט שוין צוויי ליכטעלעך יעדן פרייטיק. צוויי אונגאַרישע פרויען טיילן צווישן זיך דעם כבוד מיט די ברכה. ווען זיי צינדן אָן די ליכט דערגייען די געשרייען און די געוויינען, אַזוי הויך אַז די וואַך־פּאָסט האָט זיך איבערגעשראָקן און אויסגעשאָסן אין דער לופט. מיר האָבן גענומען דעם גורל אין די הענט, געדולדיק וואַרטן, גלייבן באמונה שלמה, אַז מיר וועלן זוכה זיין צו אַ פריי לעבן...

חאָטש מיר האָבן ווייניק עסן, איז אונדזער געזונד־צושטאַנד געווען זעער אַ גוטער. די טריקענע סאָסנע־לופט, די פרייקייט פון שטח, און דאָס שטענדיקע זיין אונטער דעם פרייען הימל, האָט געווירקט צום גוטן. אין אונדזער מחנה זענען נישט געקומען קיין ס.ס. מענער. צוויי אויפזעער־קעס זענען געקומען בלויס אויף באַזוך אין דער פרי און נאָך מיטאָג. מיר זענען געוואָרן מונטערע. לעבן זאָל ביסטריצקי מיט זיין „הורה"! מיטן געזאַנג פון דעם ליד האָבן די יונגע מיידלעך געטאַנצט. אין דרויסן, אויפן גרינעם גראָז.

פרייטיק און שבת מאַכט מען „אַפּעלן", און מ׳שטייט פיר אין דער ריי, לויט זייער איינזעען נעמען זיי אַרויס יעדעס מאָל אַ גרופּע און מ׳פירט זיי אַוועק. מיר ווייסן נישט וואָס מטוט מיט זיי, צו משיקט זיי אויף אַרבעט אויף אַן אמת, אָדער ניין. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט זיי יאָ געשיקט אויף אַרבעט, ווייל שוין צומאָרגנס זענען געקומען

אין לאגער אריין קראנקע העפטלינגען און זיי האָבן דערציילט, אז נעכטן זענען געקומען נייע כוחות און זיי האָבן דערציילט אז מען האָט זיי גענומען פון בערגען־בעלזען.

היינט שבת דעם חודש נאָוועמבער האָט מען געברענגט 12 קראנקע. אלע זענען שוואַך און פארשוואַלן. זיי האָבן דערציילט, אז זיי האָבן געארבעט אין אַ כעמישע פארבן פאבריק. מ׳האָט זיי איינקוואַרטירט אין אַ נייעם באראק. קיין דאָקטאָר קומט נישט צו זיי. מיט זיי פארנעמט זיך פרוי קערנער די ציין־ארצטין פון פאביאניץ.

די טעג זענען אלץ נאָךווארעמע, ווי א טייערע מתנה פון גאָט פאר אונדז. מ׳נעמט אַראָפּ פון זיך דאָס איינציקע קלייד, מ׳וואַשט עס אויס אונטערן קראַן, מ׳שפרייט עס אויס אויף דער ערד צו טריקענען; אויסגע־שפרייטערהייט טריקנט זעער שנעל, ביז דאס קלייד איז טריקן און ריין. מיטן וואַשן איז געוואָרן זעער שווער, ווייל די פריש געקומענע דערגייען שוין ביז צוויי טויזנט. ביי די קראנען ציען זיך גרויסע רייען, אָפט ביז מ׳קומט צו צום קראַן, פעלט שוין אויס וואַסער. גייט מען זיך וואַשן ווען עס איז נאָך גוט פינצטער, און דאָס דראָט מיטן לעבן, ווייל די שומרים קענען מיינען, אז מיר אנטלויפן פון לאַגער.

מיר האָבן זיך שוין אזוי צוגעוויינט צום קאַלטן וואַסער אין די נאָוועמבער־נעכט, אז וואָס קאַלטער עס איז, איז פיל בעסער, ווייל דערנאָך ווערט וואַרם, אַ מחיה־נפשות... די ריינקייט דערהאַלטביים לעבן. די וואס האָבן פיינט דאָס און וואַשן זיך נישט, זענען זייערע גופים באשיט מיט געשווירן און זייער לעבן ווערט אומדערטרעגלעך, מיר האָבן מורא מ׳זאָל זיי נישט שיסן.

דער הויפּט־אויפזעער פון בערגען־בעלזען לאַגער איז אן אלטער אָפיציר, מ׳רופט אים דזאדעק. ער באַציט זיך צו אונדז מילד. ער זאָגט אז מיר געפעלן אים, מיר זענען יונג, לעבעדיק און האַלטן זיך ריין. דאָס אָבער האָט אים נישט געשטערט ווען ער איז ארייננגעקומען שבת אין דער פרי מיט אַ שטעקן אין האַנט און האָט אָנגעוויזן דעם באַמאָלטן לייוונט פון

באַראַק: (די פּאַלאַטקעס זענען געווען אָנגעמאָלט מיט פאַרשידענע גרינע פאַרבן, אַזוי אַז מ׳האָט געקענט פון זיי ארויסלייענען ווי פון אַ מאַפּע) אויער פּאַלעסטינאַ! אויער גאַט! צויגע! יודן־דרעק, צויגע! — — —

דער ווינטער איז געקומען. ער האָט זיך איינגעשטעלט מיט דונערן, בליצן, הוראַגאַנען און שלאַקס־רעגן. דער שטורם רייסט ארונטער די לייוונט פון די פּאַלאַטקעס און ברעכט איין זייער האָלץ־געשטאַלט. אַלע בייזע גייסטער און פינצטערע כוחות האָבן זיך אָנגעזעצט אויף די פּאַלאַטקעס. די דעכער פליען און די אָנלען שאָקלט זיך. אינמיטן דער נאַכט און הוראַגאַן זענען מיר ארויס אונטערן פרייען הימל. אונטער דונערן און שלאַקס־רעגן זענען מיר אַזוי געשטאַנען ביז אין דער פרי. אין דער פרי האָט די אויפזעערן אונדז ארויסגעפירט דורכן טויער, אין אַ דערבאַיקן שטח. 3 גרויסע געמויערטע שטובער, ארום און ארום הויכע, געפלאָכטענע אויס שטרוי פּאַרקנס. דער שטח נאַקעט, אָן בוים, אָן גראָז, מיט אַ סך אויסגעשיט זאַמד. אונדזער גרופּע האָט געציילט 500 ווייבער, און אונדז האָט מען איינקוואַרטירט אין די דריטע שטוב. אַלע זענען געזעסן, נישט געווען קיין פּלאַץ צו ליגן. אויף דער צווייטער זייט פּאַרקאַן זענען אינטערנירט מענער. די מענער האָבן שוין באַוויזן צו עפענען אַ לאָך אין שטרוי און אריינגערעדט צו אונדז. מיר האָבן געהערט אַ וואָרט, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן דאָס בלוט: „שלום!" מיר האָבן געענטפערט „שלום". מיר האָבן קיין פנים נישט געזעען, נאָר געהערט ווערטער. „יידישע קינדער!" — זאָגט איינער: „היינט איז ערב ראש־השנה". די אונגאַרישע טעכטער זענען נישטאָ מיט אונדז, וואַרשיינדלעך אַז מען האָט זיי אוועקגעפירט אנדערשוווּ. אָן זיי קענען מיר גאָרנישט אויפטאָן. איינע פון זיי מאַרטאַ האָט חן ביים אַלטן גוי און אַז זי בעט עפּעס באַקומט זי. די אויפזעערקעס היטן אונדז ביי טאָג און ביי נאַכט.

אַ צער האָט זיך פאַרזעצט אין מיין האַרץ, און וויל נישט אָפּטרעטן. ראש־השנה. אלי, אלי! למה עזבתני? אפילו אַ שטיקל פּאַפּיר און אַ בליי איז דאָך געשטערט, ווען איך וויל מיין קלאָג־ליד אויסגיסן. איך האָב

אוועקגעשאַרט דאָס זאַמד, געפונען אַ שטיקל העלצל, און אזוי ארום האָב איך געשריבן אויף דער ערד מיין ראש־השנה ברכה, געשריבן צו נאָענטע, צוּ ווייטע, צו אייגענע, צו אלע יידן אין דער וועלט: שנה טובה ומבורכת, שנת־גאולה, שנת־דיצה, שנת־חיים, שנת־חדוה לעם ישראל... דער ערשטער שטערן האָט אראָפּגעקוקט און האָט זיין חתימה געגעבן, און דער בערגען־בעלזען ווינט האָט די ברכה צעטראָגן. אלי, אלי למה עזבתני? — — —

יעדן שבת און יעדן יום־טוב מאכט מען „אַפּעלן". צי מ'שיקט יאָ, צי משיקט נישט מאכט מען „אפּעלן". אריינצוברענגען אַ צעמישעניש אין אונדזערע רייען און פארטומלען די אזוי שוין געגנוג שוואכע קעפּ. גלייך שטיין מיר פיר אין דער ריי. מ'ציילט, מ שרייבט, מ'שיקט אהער, מ שיקט אהין, אַ הייפעלע דאָ, א הייפעלע דארט, דער סוף איז אז זיי האלטן אָן אַ גרופּע אינטערנירט פון די רעשט העפטלינגען אין אַ פארמאכטן באַראַק, מ'לאָזט נישט ארויס און מ'לאָזט נישט אריין, ערשט טיף אין דער נאכט לאָזט מען אונדז פריי. אָט דאָס אלץ איז להכעיס אונדזערע הייליקע, געפילן צו די יידישע ימים־טובים, און נישט געבן אונדז די מעגלעכקייט צו קענען ערינערן דאָס אַמאָליקע משפחה־לעבן, ווייל פון דער פארגאנגענ־הייט שעפּן מיר בטחון, גלויבן...

אויף דער נאכט, ווען מיר זענען געזעסן אויף די ערטער אין אונדזער שטובע האָבן מיר ערשט געמאַכט פריילעך. ס'איז געווען ששון ושמחה „כיד המלך", אָן ווין אָן עסן... אלע אוצרות פון זכרון האָט מען ארויסגע־נומען פון די באהאלטענע קעמערלעך. מען האָט זיי געטיילט ווי משלוח־מנות, איינע און פאר אלע: דעקלאמירט, פאָרגעשטעלט, געזונגען, געפרעגט רעטענישן, געזונגען אויף פּויליש, אויף טשעכיש, אויף אונגאריש, אויף יידיש, אויף עברית. איין קול האָבן מיר געזונגען „הללויה", „הנני מוכן ומזומן", „אני מאמין", „שבת אחים". אלע זענען אויפגעשטאַנען פון די זיץ־פלעצער, געשטעלט אונטער די וואַנט, געמאַכט אָרט פאר די טאַנצענדיקע חסידים־טענץ און הורה...

מ'האָט פארגעסן אין די צרות. שטענדיק, ווען מ'האָט געמאַכט „אַפּעל"

און דערנאָך צוריקגעשיקט אין באַראַק איז געווען די שמחה גרויס, מיר האָבן געגלויבט, אז אלץ וועט זיך ענדיקן צו אונדזער גוטן. סימן פון היינטיקן באפרייען איז אַ סימן אז מיר וועלן באפרייט ווערן בקרוב בימינו ואימרו אמן...

אין דער פרי האָט מען אונדז צוריקגעפירט צו די אלטע באַראַקן. זיי זענען שוין געווען פאראָכטן. דער רעגן האָט ריין געוואשן די לופט, און אויפגעפרישט די פאַרב פונעם גראָז. דער נאָדל־וואַלד האָט געגעבן גן־עדן־ריחות. צווישן גראָז האָבן אַפּירגעקוקט די נאָך פארמאכטע אייגעלעך פון די פרי־פרילינג בלימעלעך, וואָס האָבן זיך געאיילט אַ קוק צו טאָן אויף גאָטס וועלט און דערמיט ווייזן די יידישע קינדער וואָס זענען פארשפאַרט און אויסגעהונגערט, אז אויך זיי וועלן אויפגיין און בליען אויף פעלדער און וועלדער, דערפער און שטעט אין זייער אלט־נייע היים, ווי מ'האָט זי גערופן אין די פרומע היימען: „ארץ־הצבי", „ארץ־מתוקה", „ארץ־זבת חלב ודבש", „ארץ רבת־חן" — — —

אלע וואָך פירט מען אונדז אין באָד־אריין. די באָד געפינט זיך אויסער אלע לאגערן. אהין פירט מען אונדז דורך אַ געדעכטן וואַלד און צוריק דורך אַ לאנגן וועג. פון ביידע זייטן באראקן אויס האָלץ, און באַראַקן פאר מיליטער. מיין גאָט! וואָס זעען מיר זיך נישט אָן אין די אלע וועגן וועלכע מיר גייען פארביי!... מיר קענען נישט אויפנעמען אלץ, ווייל מ'יאָגט אונדז ווי ציגאָנוע־פערד אויפן ספאָרט־פלאַץ: „לאוס! לאוס!!" א גרופע מענער לויפן פארביי האַלב נאקעטע, די קעפ און די גופים פארוואקסן ווי אלטע בערן. אין זייערע הענט שטיקער העלצער. פון די נאַנטע יידלעך קוקן ארויס נאַקעטע גופים, פארטריקנטע שקעלעטן. ווי טויטע וועלכע זענען ארויס און אנטלאָפן פון די קברים — — —

צוויי מענער געבינדן אויף הינטער די הענט מיט גראָבע שטריק. יעדעס שטיקל אבער פון צעפרעסענעם גוף וואָס קוקט ארויס פון די צעריסענע הויזן איז אויסגעשמירט מיט בלוט און מיט בלאָטע. צוויי ס.ס. טרייבן זיי און שטויסן מיט דער קאָלבע פון דער ביקס. דאָ זעט מען קיין אויגן אויף

נישט ארויס, ווייל די קעפ הענגען אַראָפּ און אויגן קוקן צו דער ערד. ווען איך האָב אויסגעדרייט מיין קאָפּ צו זעען זייער הילוך, האָב איך באקומען אַ שמיץ אין פנים אריין פון די אויפזועערקע, אז אַ פּייער האָט אָנגעצונדן מיינע אויגן.

מ׳פירט אונדז אדורך, דורך אַ יונג וועלדל, אויסגעבעט מיט מאָך און שמעקט מיט וואַרעמקייט און מיט שוואָמען. מיר זעצן זיך אָפּרוען. דער געדאנק טראָגט מיך אַוועק אין מיינע קינדער־יאָרן, מיינע גליקליכע־ביז־גאָר יאָרן: מיין פאָטער ז״ל איז געווען אַ וואַלד־סוחר, פון דעם אויסגע־האַקטן וואַלד האָט ער אויפגעשטעלט פויערשע הייזקעס און סטאַדאָלעס פאר די תנובה פון זייערע פעלדער. זומער־צייט פלעגן מיר אלע פאָרן אין וואלד אריין פארברענגען דעם גאנצן טאָג. מיר קינדער האָבן זיך געשפּילט, געיאָגט נאָך קראָליקעס און נאָך זומער־פייגעלעך. ווען מיר זענען געווען מיד, האָבן מיר זיך צוגעזעצט אין אַ ראָד און דער פאָטער האָט אונדז דערציילט וועגן לעבן פון דיביימער, וועגן לעבן פון די גראָזן, וועגן לעבן פון די וואלד־חיות, פון די וואַלד־פייגל, און געלערנט דערקענען ווי אלט עס איז דער בוים לויט זיינע רינגען; ווייל יעדעס יאָר קומט צו אַ נייער רינג. ער האָט אונדז געלערנט דערקענען עס־שוואָמען, און געלערנט די נעמען פון די וואַלד־בלימעלעך. אָבער דאָס שענסטע איז געווען ווען דער פאָטער ז״ל האָט זיך געשטעלט דאווענען מנחה. הויך איז ער געווען און שיין. זיין קאָפּ שווארצע לאָקן האָט געלויכטן, זיינע ברוינע, יידישע אומעטיקע, פארבענקטע אויגן זענען געווען טיף ווי קוואלן, פול מיט חכמה, וויסן און דרך־ארץ. זיין אויסזעען האָט געוועקט כבוד, נישט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי די ערלים; דעם ערשטן יבול פון די אראָפּגעזעגטע צווייגן האָט ער צעטיילט פאר די אָרימע אין שטעטל. געווען „איש טהור־לבב ונקי־כפיים". וואָס שיין, איידל און דערהויבן האָט ער אין אונדז איינגעפלאַנצט, צו זיין שטאָלצע יידן און ערליכע מענטשן. אַהיימפאָרנדיק פון וואַלד האָט ער מיט אונדז געזונגען חסידישע ניגונים און אַ ליד האָט ער אונדז געלערנט: „על אֵם הדרך". דאָס ליד האָט ער געזונגען מיט

אזויפיל טרויער, מיט אזויפיל בענקשאַפט... ער האָט אין אונדז איינגע־פלאַנצט אַ טיפע אמונה שלמה צום בורא־עולם. יעצט זיץ איך אויף פוילישער ערד, אין פוילישע וועלדער, אויף פוילישן מאך, אַ פרעמדע, אן אָפּגענארטע, אַ נאַקעטע און בארוועסע, בערויבט און פאַרשעמט, געפאלן און באשפיגן; אויף די פוילישע ערד, פאר וועלכע יידן האָבן געבענטשט „טל" און „גשם". פוילן האָט אונדז אויסגעשפיגן מיט אַ ביטערע פיינט־שאַפט, באצוגן זיך צו אונדז ווי צו פאַרכעוואַטע הינט... טעג און נעכט האָבן זיי נאר געלויערט אויף יידיש האָב, אויף יידיש פארמעגן. ווען מען האָט יידן געטריבן אין געטאָ, האָבן פוילנס קינדער גערויבט אין די היימען, אין די געשעפטן, און אויף די וועגן. זיי האָבן אונדז אויסגעלאַכט אין אונדזער געפאַלנקייט, אונדז איבערגעגעבן די מערדער אין די הענט...

צו־פיסנס דעם מאך אַ מוראַשניק. גליקליכע באשעפענישן די מוראַש־קעלעך. זיי קענען זיך באוועגן פראנק און פריי, אין וואלד, אויסערן וואַלד, אויף אלע, אלע וועגן זוכן עסן. זי לעבט זיך אויס מיט איר משפחה, נאר מיר, ייד און מענטש, זענען די אומגליקליכסטע אויף דער וועלט. די פינצטערע כוחות יאָגן אונדז, די פינצטערע כוחות פענטען, דריקן אונדזערע גאָרגלען, מיט די שמוציקע, טריפה׳נע, אכזריות׳דיקע לאָפּעס און שטי־וואַלעס... מיר האָבן דעם וויינעקערן ווערט פון האַרבסט־בלאַט; ווייל דער האַרבסט־בלאַט פאַלט אויך נישט פאר זיין צייט. און דער אומגליקליכער מענטש ווערט געשליידערט, צעטרעטן, ווי איין איינגעטריקנטער בלאט — —

איבערן וועלדל ציט זיך אַ בלאָער הימל, און אונטן אויף דער ערד? שפרייט זיך טויט און אומקום. פארשאָלטענע בערגען־בעלזען ערד... אייביק וועסטו זיין פארשאָלטן, ווייל דו טרינקסט אזויפיל אומשולדיק, הייליק, יידיש בלוט... ווער סוועט באזוכן דיין ערד, זאָל אַ קללה דיר שענקען! פארפייניקטע און פארשניטענע לעבנס שרייען און מאָנען, מאָנען און שרייען: אלי, אלי! למה עזבתנו? למה יאמרו הגויים איה אלוקיהם? ווער וועט טראָגן מיין גאָט אין דער וועלט? און ווער וועט היטן זיינע געבאָטן? אלי, אלי! רחם עלינו — — — מיר זענען שוין אזוי שוואַך, אזוי

שוואַך... מיר קענען זיך אליין גאָרנישט העלפן, ניין, גאָרנישט... מיר זענען שטיל, שווייגן און פארנעמען.ליידן האָבן דאָך אַ זין — — —און אז איך גלייב אין ליידן, גלייב איך, אז פון דאנען וועט זיך עפענען אַ וועג, וועלכער וועט פירן אַהיים, צו אונדזער אלטע, אלטע היים, ווי אונדזערע אבות האָבן געלעבט, ערד באארבעט, שעפסן געפּאַשעט, וויינגערטנער געפלאַנצט, און אונטערן פייגן־שאָטן תורה געלערנט.. מיר וועלן באַנייען אונדזער היים, אונדזער געבענטשטע היים פון וועלכע מען האָט אונדז פארטריבן אין לאַנגן, פינצטערן, שוידערליכן גלות. מיר ווילן אַ היים! מיר ווילן גיין צופיסנס, דורך גריבער, דורך שטיינער, דורך דערנער־וועגן. נאָר אַהיים, נישט זיין אין דער פרעמד... נישט זיין מער קיין צעזייעטע און צעשפרייטע, נישט זיין קיין פארשטויסענע און פארגעסענע, איין פאָלק! איין שטאַרק פאָלק! אלי, אלי... דערלייז פון די גויישע הענט... זאָל שוין זיין גענוג, גענוג געליטן — — —

דורך דעם טויער זענען מיר צוריקגעקומען אויף דעם אלטן שטח. איך בין נישט צוריק אין באַראַק, נאָר בין אַוועק צו די פּאָסט־וואַך און אָפּגערוט אויפן גראָז. דער זעלנער, וועלכער האָט מיר נעכטן געגעבן ברויט, האָט מיר היינט געגעבן ברויט, אַ ציבל און אַ צייטונג. אזוי ווי איך האָב מורא געהאַט צו האַלטן די צייטונג ביי מיר, האָב איך אָפּגעריסן גרינע בלעטלעך, וועלכע מיר פלעגן עסן, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ טעם פון אַמאָליקן שצשאוו, פון וועלכן מ פלעגט מאַכן אַ באָרשט. די בלעטלעך האָב איך ארויפגעלייגט אויף דער צייטונג, אין פאַל, אז מען וועט מיך כאפן ביי דער זינד, וועל איך זאָגן, אז די צייטונג האָב איך גענומען פון דער ערד איינצופאקן דעם שצשאַוו. מיט דעם אלעם האָב איך געאיילט אין באַראַק. אויף צוריק בין איך געגאנגען מיט די דראָטן, און ווען איך בין צוגעקומען צום שמאָלן וועגעלע וואָס פירט פון יענער זייט דראָט, האָב איך געזען אָט וואָס: צוויי מענער העפטלינגע מיט שפּאַדלעס אין די הענט. זיי האָבן אָנגעהויבן גראָבן אין איילעניש. נאָך צוויי העפטלינגע האָבן צוגעברענגט אַ פעקל, איינגעוויקלט אין גרינעם מיליטערישן קאָץ

און אוועקגעלייגט לעבן גרוב. איך בין אויפגעשפרונגען פונעם אָרט און אוועקגעלאָפן אויס מורא מזאָל מיך נישט שיסן.

איןביידל האָבן אַ פאָר העפטלינגען גענומען לייענען. פון אָט די צייטונג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז מיט דער ווערמאַכט האַלט עס שמאָל, און די אַליאַנטן גייען מיט גרויס קראַפט פאָרויס. מיר האָבן דערפון געדרונגען, אז לאַנג וועט שוין דאס אלץ נישט אָנהאַלטן. אלעמען האָט ארומגעכאַפּט אַ פרייד. מיר האָבן אָנגעהויבן צו זינגען און טאַנצן. ווי די קליינע קינדער גענומען זיך פאר די הענט און אפילו צעקושט. אַ נס וועט געשען און מיר וועלן בלייבן לעבן, און אַ נס וועט געשעען און וועלן לעבן אונדזערע מענער און קינדער! מיר וועלן דערציילן אלץ, אלץ וואס מיט אונדז איז געשעען. און ווען דאס פּינצטערע שפּיל וועט זיך ענדיקן, צו מ׳וועט לאָזן פאָרן אַוווּ איינער וועט וועלן? פריידל פון פאביאַניץ האָט געזאָגט, אז נאָך דער מלחמה, אויב גאָט וועט אונדז שענקן דאס לעבן, וועט מען אונדז אריינשטעלן אין א שוי פענצטער, און פון דער גאנצער וועלט וועט מען קומען קוקן דאס ווינדער, ווי אזוי מהאָט דערהאַלטן דאס ארימע חיות נאָך אזויפיל מחנות.

מ׳האָט געבראַכט אַ טראַנספּאָרט פוילישע פרויען אין פארשידענעם עלטער (די מתנה האָט אונדז געפעלט). זיי האָט מען אָפּגעזונדערט און פארזאָגט זיי נישט צו רעדן מיט אונדז. קענטיק דערפאר האָבן זיי זיך געהאַלטן מער ווערטיק. חאָטש געגאַנגען זענען זיי דעם זעלבן הילך: בארוועס, אָפּגעריסענע קליידער, די האָר האָט מען ביי זיי נישט אָפּגעשוירן.

קוקט! האָט איינע אַ געשטופּלטע אויסגעשריגן: „זשידי! זיי לעבן נאָך! און איך האָב געמיינט אז עס איז שוין נישט דאָ אויף דער וועלט קיין איין ייד! אַ יונגע שיקסע מיט ברוינע צעפּ און אַ פלאַצשיקע נאז האָט נישט געוואַרט אפילו, ביז יענע וועט ענדיקן, און איז איר אריין אין די רייד: „אין ווארשע האָט מען אלע יידן אויסגעשאָסן, אביסל האָט מען אוועקגעשיקט אין אויוון אריין. אין וואַרשע איז נישטאָ קיין איין ייד, ווארשע איז ריין פון יידן״.

„און דערפאר האָט מען דיך דאָ אהערגעשיקט״ — פרעגט זי פּעלע.

„זאָל נישט זיין דיין פראנצעוועט עסק״ — ענטפערט די גויע, און אין אירע אויגן צינדט זיך אָן אַ בייז פלעמל — — —

„מוועט אייך אויך שיסן״ — זאָגט זי. „אלע יידן שיסט מען אויס״.

„און די ירושה וועסטו נעמען?״ — פרעגט פריידל. „קום מיט מיר, כוועל דיר געבן מיין גאָלדענעם זייגער, די האַלדז פערל, און דעם פעלץ״.

די גויעס פּלאַטשיקע נאז האָט זיך ברייטער צעשפּרייט און יענע איז אויפגעשטאַנען גרייט זיך צו שלאָגן. די אויפזעערקע האָט געמוזט פאַרשטיין אין וואס דאָ גייט, ווייל באלד האָט מען אונדז ארויסגעפירט פון דעם שטח און אריינגעפירט אין די געמויערטע שטובער, וועלכע זענען ארומגעצוימט מיט אַ שטרוי פּארקאַן.

לויטן אויסרעכענונג פון ראש־השנה פאלט היינט אויס ערב יום־כיפור. דער יעצטיקער יום־כיפור איז שוין דער 5־טער נאָך דער ריי אין אונדזער געפייניקט לעבן. אַ טאַשמע פון טרויער און צער גייט פארביי פאר די אויגן: דער ערשטער יום־כיפור נאָכן אריינמאַרש פון די דייטשן זענען מיר אלע נאָך געווען צוזאמען אין אונדזער אלטער, ליבער היים, אויף לעגיאָנאָוו 48. די פענצטער זענען שוין דאן געווען פארהאַנגען מיט קאָצן, די ליכט זאָל נישט שטעכן דעם שונא׳ס אויגן.

מיין ליכטיקער, הייליקער פאָטער ז״ל איינגעהילט אין טלית, האָט מיט ציטערדיקע פינגער ארומגענומען מיין קאָפּ, געשטיקט זיך אין טרערן, האָט ער מיך געבענטשט. איך האָב גענומען זיין ווייסע, צאַרטע האנט און האָב זי געקושט, איך האָב אויסגעקושט יעדן פינגער, יעדן נאגל פון זיין פינגער: טאטעשי! טאטעשי מייגער! — וויין נישט, וועסט זען, אז ס׳וועט נאָך זיין גוט. יידן זענען דאָך געגליכן צו שוואכע, קליינע גראזן, וויפיל מ׳זאָל זיי נישט טרעטן, גלייכן זיי זיך צוריק אויס און וואַקסן ווייטער, פארדאָפּלען זיך און מערן...

דער פאָטער האָט געבענטשט די רעשט קינדער.

די הייליקע מאמע, מיין יידישע, גוטע, פרומע מאמע, דאס צווייגעלע

פונם אלטן וורקער בוים, אַנגעטון אין ווייסן, איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער ליכט, האָט אריינגעיאָמערט אין אירע איידעלע הענט. דער זון, דער „קדיש" געפונט זיך אין די רייען פון פוילישן מיליטער, און דער לעבעדיקער ווייסט, ווּ ער געפינט זיך יעצט... זי האָט נישט געוואָלט מצער זיין מיין פאָטער האָט זי געהיימערהייט אָפּגעווישט אירע טרערן, גענומען דעם סידור־מחזור אין די האנט און געדאווענט. די לעכט האָבן געברענט, געטריפט און געטרויערט. איין גרויס לעכט איז פון זיך זעלבסט אויסגעגאנגען פון די ווענט טריפט אַ פינצטערקייט. אלע שווייגן מיר, מיר שווייגן פארשטיי־נערט, פארקלעמט, און פארשעמט, פאר דעם יום־הדין, אז יידן קענען נישט בעטן בציבור — — —

דער צווייטער יום־כיפור אין געטאָ. דער טאטעשי ליגט שוין צו בעט. די מאמעשי ליגט שוין צו בעט. מיין קינד פעלט שוין אריין אין דער משפחה. נאכן עלטסטן קינד טאָר מען נישט וויינען, טרויער איך און שווייג... נישט מצער צו זיין די ארומיקע...

מיינע עלטערן זענען שוין פון זייערע טויטע־בעטן נישט מער אויפ־געשטאַנען. זיי זענען אויסגעגאנגען פאַר הונגער און פאַר קעלט. דורך איינציקע 5 חדשים זענען זיי גערופן געוואָרן לישיבה של מעלה, עברו לעולם שכולו טוב...

דעם דריטן און לעצטן יום־כיפור. ערגעץ באהאלטענערהייט אויף אַ דריטן שטאָק, אויף מרדכי־גבאי׳ס גאַס ביי דער אלט־שטאָט, אין דער נאָנט ביי דער פאַרברענטער גרויסער אלטער שול אין געטאָ־לאָדזש... מהאָט איינגעשטעלט דאס לעבן און געקומען אָפּריכטן מיט קהל יידן דעם „כל־נדרי". מיט א וויינענדיק, דערשלאגענע שטימע האָט דער בעל־תפילה אָנגעהויבן: „אור זרוע לצדיק, ולישרי־לב שמחה". מהאָט נישט געטאָרט וויינען, ווייל אנדערש, וואָלטן זיי די צוררים געכאפּט ביי דער זינד און געזאָגט, אז יידן בעטן אויף זייער מפּלה, און דער סוף וואָלט געווען, איז זיך נישט שווער פאַרצושטעלן... מיר אלע האָבן „קדיש" געזאָגט און פאר די אויגן איז געשטאַנען דאס אָפענע קבר פון געפאַלענע

יידן אויף „קידוש־השם״. יתגדל, ויתקדש שמיה רבא! נאָך טאַטע, נאָך מאַמע, נאָך אויסגעמאָרדעוועטע קינדער, נאָך געפּאַלענע יידן...

מיין יידישע טייערע היים! מהאָט דיך חרוב געמאכט, יעצט ביזטו מער נישטאָ, ניין! איך וועל דיך געדענקען, איך וועל היטן דיינע ימים־טובים, דיין יום־כיפור, איך וועל ליכט צינדן; די יידישע ליכט, זיי זאָלן אויפלייכטן אין אונדזערע, פארביטערטע הערצער און געבן טרייסט. אלי, אלי! האָר פון דער וועלט! באוויז אַ נס, ראַטעווע די רעשטלעך פון דיין אומגליקלעך אויסגעראָטן פאָלק, אויף וועלכן דער גאנצער צאָרן איז געוואָרן אויסגעגאָסן אויף זיין הייליקן קאָפּ — — — — אלי, אלי למה עזבתנו? — — —

די הויכע פראניע לעבט בשלום מיטן אלטן. זי האָט שוין באזאָרגט צוויי ליכט מיט שוועבעלעך. די זון האַלט זיך שוין ביים זעצן. דער בלאָק איז געפּאַקט, פון אלע פּאלאטקעס ארום זענען זיי געקומען, די יידישע קינדער, צו כל־נדרי, צו הייליקן דעם טאָג, און בעטן פאר דער אויסלייזונג. אן אונגארישע פרוי האָט ליכט געצינדן. אלע האָבן אויסגעגאָסן זייערע ביטערע הערצער אין איין גרויס געוויין, די געשרייען האָבן זיך ארויס־געריסן אין דרויסן, ביז אונטער די הימלען, און העכער די הימלען, צו די טויערן פון רחמים, פון חסד, פון תפילה, מיר זאָלן אויסגעלייזט ווערן בקרוב בימינו, אמן...

ביי די טיר האָבן מיר נישט אוועקגעשטעלט קיין היטערן, ניין! היינט איז אונדזער יום־טוב! אונדזער יידישער יום־כיפור. היינט קען מען זיך אויסבעטן א סך, ביי דעם בעל־הרחמים ובעל־הצדקה... נאר ער אליין קען שיקן שלום אויף דער וועלט. מיר האָבן נישט קיין מורא און מיר שרעקן זיך נישט מער. דאס איז אונדזער יום־טוב, און מיר בעטן צו אונדזער יידישן גאָט! ער זאָל זיך דערבארעמען איבער זיינע קינדער... אלע זענען געפאַלן מיט די פּנים׳ער צו דער ערד און אזוי שטיל יעצט אריינגעשלאכצט אין נאַסן בינטל שטרוי, געוויינט, געוויינט, ביז אין דערהאַלבער נאַכט אריין, אויסגעוויינט אלע טרערן, אלע טרערן...

צומאָרגנס אין דער פרי ווען מיר זענען געזעסן אַ גרופּע פרויען און

געזאָגט „תהילים", איז פלוצים אריינגעפאלן דער דזיאדעק" מיט נאָך איין אָפיציר. „יא, יא! צויגע! קוקט מאַל היער!" ער האָט אונדז געהייסן קוקן אויף די ווענט, באמאָלטע פלאַנדעקן מיט גרינע פארב וועלכע האָבן אויסגעזעען ווי אַ מאַפּע. ער האָט געפירט מיט אַ שטעקעלע אין האנט איבער די פלאַנדעקע און געזאָגט: „אויער טויפל! אויער גאט! אויער פאלעסטינע! פארפלוכטע צויגע!!"

דער יום־כיפור איז נאָך נישט געווען צו ענדע, האָט מען געמאַכט „אַפעל". שטענדיק איז אזוי אין לאגער. נאָך איין פרייער מינוט קומען צרות און קלעמענישן אַ סך. דער יונגער ס.ס. אָפיציר האָט אונדז איבערגעקליבן, סעגרעגירט און אויסגעהאלטן אין דרויסן, ער האָט באפוילן צו וואַרטן, ביז ער וועט צוריקקומען. ער איז מער נישט צוריק־געקומען, געקומען איז טאָם מיט איין אויפזעערקע און געהייסן טיילן עסן.

צומאָרגנס נאך יום־כיפור האָט מען אונדז אויפגעוועקט גאנץ פרי. דריי יונגע ס.ס. לייט זענען געקומען, געמאַכט „אַפעל", געציילט, סעגרעגירט אויף ארבעט. מיך האָט מען צעטיילט פון מיין שוועסטער. איך האָב מיך ארויסגעגנב׳עט פון דער ריי און בין אריין אין ביידל צו נעמען מיין שוועסטער שרה, מיר זאָלן זיין צוזאמען.

מ׳פירט אונדז אין דער באָד־אריין. דאָרט באקומען מיר פאַסן־מענטלען, אזוי גערופענע „פאַסיאקעס". נאכן באָדן פירט מען אונדז צוריק אין דער מחנה. נאָך דעם זעלבן טאָג פירט מען אונדז ארויס פון בערגען־בעלזן־לאַגער אין ווייטער אומבאַקאנטן וועג אריין... 800 פרויען פארלאָזן מיר ווידער דאָס שילדל פון בערגן־בעלזען... ווען מיר זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ היבש שטיקל וועג, פירט מען אונדז צוריק אין די ביידלעך אריין. מיר ווייסן נישט דעם פשר. מיר זענען אריין אין די באַראַקן און גענעכטיקט דאָרט.

ווי נאָר סהאָט אָנגעהויבן צו טאָגן פירט מען אונדז ארויס פון דער מחנה. קילאָמעטערן לאנג גייען מיר צו פוס. פון ביידע זייטן ציען זיך

פעלדער און פון זייערע טיפענישן קוקן ארויס לופעס פון האַרמאַטן, פּאַלימיאָטן און פון נישט באקאנטע שיס־געווער.

א טיפער טריבער הארבסט ליגט אויסגעשפרייט אויף פעלדער און וועגן. פויערן זענען פארבייגעפאָרן מיט געלאָדענע וועגענער קארטאָפל. זיי האָבן אונדז צוגעוואָרפן קארטאָפל, אָבער מיר האָבן זיי נישט אויפגע־הויבן. מיר זענען געגאַנגען אלץ פאָראויס אין דעם ווייטן, נישט וויסנדיקן, אומבאַקאַנטן וועג אריין.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום אָרט ווי סהאָבן אויף אונדז געוואַרט די וואַגאָנעס פאר בהמות, איז שוין געווען צווישן טאָג און נאַכט. גרופּענווייז זענען מיר אריין אין די וואַגאָנעס. יעדע פון אונדז האָט באקומען אַ פּאָרציע ברויט אויף צוויי טעג, און אַ קיבל־וואַסער פאר אלע. געגעכטיקט האָבן מיר אין די וואַגאָנען. ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט גערירט פון אָרט, איז שוין געווען גוט טאָג. מיר זענען געפאָרן ביי אָפענע טירן. דער ס.ס. היטער האָט דערלויבט ארוסצוקוקן. אין רייען האָבן מיר זיך אויסגעזעצט לענג־אויס די טיר. דאָס ערשטע מאָל נאָך 5 יאָר געטאָ און מחנות האָבן מיר געקוקט אויף פרייע פעלדער, וועלדער און אָזיערעס, ברייט און ווייט צעשפּרייטע הימלען. ווייטער פעלדער, ווייטער הימלען, ווייטער וועלדער. אָט פאָרן מיר פאַרביי אַ באַרגיקן געביט. רויטע פון ציגל געבויטע פּאַלאַצקעלעך שטייען צעשאָטן, זייערע דאַך־שפּיצן רייסן זיך צו דער הויך (קענטיק גאָטישער סטיל) מזרח־צו ציט זיך אַ וואַלד, און מעריב־צו פליסטערט אַ גרין־טייכל.ביידע ברעגן זענען באוואקסן מיט שלאַנקע בעריאָזקעס. דער לאָקאָמאָטיוו פאָרט אזוי פאַמעלעך, אז מיר קענען זיך אָנקוקן די שיינקייט ארום. די בעריאָזקעס שטייען אָנגעטאָן אין אַ זילבערנע קאָרע, זיי זעען אויס אזוי אריסטאָקראַטיש, אזוי דערהויבן, אזוי שיין! ווי פריי איז די וועלט און ווי שיין? און פאַר וואָס, די וואָס זאַפּן אין זיך אריין אזוי פיל שיינקייט, צינדן אָן די וועלט, אז סאיז זי שווער צו פארלעשן?! אונדז האָבן זיי געשליידערט אין פייער און אין וואַסער, געשליידערט יידיש לעבן! אָן אַ היים, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ באָדן

אונטער די פיס, יידיש לעבן, לופט־לעבן, הפקר־לעבן, לעבן פון שפּאָט און שאַנד, געפּענטעט אין חרם; וואָס איינער וויל טוט ער מיט אונדז... אויף אזא שיינער וועלט, לעבן מיר ווי ביי אַ פרעמדן־טיש, און גייען ארום אויף פרעמדע ערד. שטענדיק אויפן חסד פון שונא. ער קוקט אין אונדזערע אויגן און פרייט זיך ווען מיר וויינען. אב־הרחמים ורב־הצדק! מיר ווערן געטריבן, געשטויסן, געברענט, — באווייז אַ נס! וועסט זען גאָט, מיין גאָט, ווען דו וועסט אונדז צוריקקערן אין אונדזער היים, וועלן מיר זיין גוטע יידן. מיר וועלן אויך זייען און פלאַנצן און באוואסערן די וויסטענישן, שיין וועט זיין אונדזער היים! מיר וועל זיך נישט לאָזן מער איסהרג׳נען, נישט אויסשעכטן, נישט ברענען!! ניין! מיט געוועער אין די הענט וועלן מיר ווערן שטאַרק, יעדער פון אונדז וועט צו אַ שמשון הגיבור זיין... אב־הרחמים ורב־הצדק! מיר זענען פארשטויסענע, חיה׳שע נעגל האָבן זיך ארייננעשניטן אין אונדזערע גופים... נישט דער הימל איז אונדזער, און נישט דער וואַלד, נישט דאס פעלד, און נישט דאס ריטשקעלע, אפילו נישט אונדזער חיות. פיר אונדז ארויס פון געפענגעניש, נעם צענויף די ברעקלעך פון דיין פאָלק, מיר ווילן עסן פון אונדזער פעלד, טרינקן אונדזער וואַסער. מיר זאָלן זיך נאָר קענען ווערן, לעבן פאר לעבן, און טויט פאר טויט דעם שונא... אונדזערע הערצער זענען קראַנק, אונדזער חיות אויסגעלאָשן, מיר זענען שוין פארפייניקט ביז גאָר... מיר ווילן אַן אייגענע, וואַרימע היים, אַן אייגן לאנד...

דער לאָקאָמאָטיוו האָט צוגעאיילט. מיר פילן גאָרנישט ווי שנעל דער טאָג איז אוועק. די זון זעצט זיך שוין צווישן הימל און ערד, באלד וועט זי אויסציען אירע גלידער אין דעם וואָלקן־וויגל און ווערן פארהוילן.

די נאַכט פאלט צו. מ׳האָט פון אויסנווייניק פאריגלט די טיר פון וואַגאָן. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די ווענט. שטאָלענע, שווערע פליגל טראָגן זיך איבער אונדזערע קעפּ, באָמבאַרדירער. דאַכט זיך אָט, אָט וועט אלץ צעפליען, צעשפרענגען, און זינקען. די לאָקאָמאָטיוו בלייבט שטיין. אלע ליכט פון אויסווייניק ווערן פאַרלאָשן, מיר הערן כסדר־דיקע

אויפרייסן, אזש די אויערן ווערן פארטייבט. דאָס קומט פון ערגעץ און דער עכאָ שלאָגט אָפּ פון ארום. מיר ווייסן נישט ווי שפעט עס איז. ווי נאָר דער לאָקאָמאָטיוו נעמט רירן און די רעדער צעקייקלען זיך אויף גוט, קומט ווייטער אַן אָנפלי פון באָמבאַרדירער. די וואַגאָנען שטעלן זיך ווייטער אָפּ. נאָך א געוויסע צייט פילן מיר ווי די וואַגאָנען גייען איבער אויף אנדערע רעלסן. ווייזט אויס אז דער וועג איז געוואָרן באשעדיקט און מ'פירט אונדז אין אַן אנדערער ריכטונג. די גאנצע נאכט איז אדורך אין שרעק. ענדלעך הייבט אָן טאָגן. דער לאָקאָמאָטיוו יאָגט ראשיק, מיט אימפעט; איילט צו צוצופירן אונדז צו דעם אָנגעוויזענעם אָרט.

נאָך איין טאָג און צוויי נעכט צעעפענען זיך די וואַגאָן־טירן און מהייסט אונדז אויסשטייגן. פון איין זייט באַן־ליניע לויפט אַ וואַסער; אין דער צווייטער זייט דאפלטע ליניעס. פיל ס.ס. זעלנערקעס וואַרטן אויף אונדזער קומען. מיר באקומען אַ באפעל צו שטעלן זיך פיר אין דער ריי, און מיר גייען ווייטער און ווייטער אין דעם אומבאקאנטן, טרויעריקן וועג, נישט ווייסנדיק וווּ אהין...

# זאלצוועדעל

מיר גייען אדורך צוויי אייזערנע טויערן און קומען אריין אין אַ גרויסן שטח ארומגעצוימט מיט הויכע ביז 4 מעטער שטאכל־דראָט. אונדז וואָרנט מען, אז די שטאכל־דראטן זענען עלעקטריזירט. ווער ס׳וועט אָנרירן, ווערט געטויטעט אויפן אָרט. לינקס ביים טויער שטייט אַ קאָנטראָל־ביידל פון לאַגער־פירער, האָלץ־באַראַקן שטייען צוואָרפן איבערן גאנצן שטח, און געמאָלט זענען זיי אויף גרין, און אויף גראָ. מ׳טיילט פאנאנדער אויף גרופּען.

6 גרופּען פירט מען שוין אוועק ארבעטן אין דער פאבריק אויף נאַכט־שיכטע. די איבעריקע וועלן גיין אויף מאָרגן־שיכטע. אלע וואָך וועט ווערן געביטן די שיכטע. די וואָס ארבעטן ביי טאָג, ועלן גיין אויף ביי נאַכט, און די וואָס ארבעטן ביי נאכט וועלן גיין ארבעטן ביי טאָג. אונדז איבערגעבליבענע בלאָקירט מען איין. מיר באקומען דעם בלאָק 7. אין בלאָק זענען אויפגעשטעלט שטאָקיקע פּריטשעס, אזוי ווי אין אוישוויץ. יעדע באקומט א פּריטשע, אַ דעק, אַ „מגן־דוד״ אויפן אַרבל, אַ געלע לאַטע אויף דער פּלייצע, אַ בלעכל מיט אַ נומער אויפן האַלדז, צוויי פארשידענע ארבל, דער רעכטער אַ געלער, דער לינקער, אַ רויטער און די ארבל מוזן מיר ארייננייען אין דעם בגד, ווערלכן מיר האָבן באקומען אין אוישוויץ. ווער ס׳האָט נישט קיין שיך, באקומט אַ פּאָר טרעפּעס. ס׳פעלן אויס טרעפּעס. ווער ס׳האָט באקומען אַ פּאָר טרעפּעס, דעם איז גוט; און ווער נישט, דעם איז אָך און וויי. די ערד איז הארבסטיקע ערד: גראָדיק, פעלזיק און קאַלט...

מיר לעבן שוין יעצט אויף לאנגע יאָרן אין דריטן לאַגער נאך דער

ריי — מחנה־זאלצוועדעל. פיר אַ זייגער וועקט מען אונדז צו דער ארבעט. דער גלאָק קלינגט, שפרינגען מיר אַראָפּ פון די פּריטשעס, כאַפּן אויף זיך דעם פּאַשחאַק, מלויפט זיך וואַשן און גלייך אין דער ריי, נעמען דאס פּענעצל־ברויט. מ׳שטעלט אונדז אויס אין דער ריי און מ׳פירט צו דער ארבעט. מיר גייען ארויס דורך די אייזערנע טויערן, אַ שטרענגע וואַך נעמט אָן ראַפּאָרט פון די אויפזעערקע, פארשרייבט אונדזער צאָל. אַ פּאָר קילאָמעטער גייען מיר, ביז מיר קומען צו די פאבריקס־טויערן און נישט ווייט פון דעם ארייַנגאַנג גייען אדורך באַן־רעלסען. מיר האָבן געזען ווי אויף אָנגעקומענע וואַגאָנען האָבן זעלנער אויפגעלאָדן קעסטלעך מיט געווער.

אונדזער גרופּע ווערט צעשיקט אין 3 האלעס (גרויסע זאַלן מיט מאשינען אויסצוארבעטן געווער) האלע — ה.ק.פּ. איך מיט מיין שוועסטער ווערן צוגעטיילט צו האלע פּ.

מפירט אונדז אריין אין אַ גרויסן, באגלאָזטן זאַל. אויסגעשטעלט מיט פילערליי מאשינעס, אויסגעשטעלטע אין 6 רייען. ערשט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז מיר וועלן ארבעטן ביי אַמוניציע. דאָ פילט מען אָן הילזן־קוילן מיט אויפרייס־מאַטעריאַל. שפּעטער ווערן די קוילן געשליפן אויף ספּעציעלע מאשינען, סעגרעגירט זיי זאָלן נישט האָבן קיין פעלער. שפּעטער ווערן די קוילן איינגעפּאַקט אין שעכטלען, אריינגעלייגט אין קעסטלעך — און ווייטער מען לאדעוועט זיי אויף דער באַן. די פּאַק־שטובע איז דערנעבן. דאָרט ארבעטן דייטשע פרויען מיט דער מיטהילף פון העפטלינגען (העפטלינגען דאס זענען מיר, דאס הייסט פארהאפטעטע ווי אין אַ טורמע) 5 מינוט האָט מען אונדז געלערנט אומגיין מיט דער מאשין, און שוין קענען מיר דאָס פאַך, ווי מ׳וואָלט שוין געאַרבעט דאָ יאָרן. נאָך 5 מינוט ווייסן מיר אומצוגיין מיט דער מאשין און מאכן פּראָדוקציע. דער לייטער האָט באוווּנדערט אונדזערע פעאיקייטן. ער האָט זיך געוואָנדן מיט אַ רוף צו אלע מיר זאָלן ארבעטן געטריי פאר דער „ווערמאכט״, וועלן מיר באקומען עסן און רעכט אויף צו לעבן.

אין דער אָפּטיילונג האָבן אויך געאַרבעט פראַנצויזישע העפטלינגען, נאָר מענער, אלע יונגע אין מיליטער־עלטער. זיי האבן אויסגעפילט די שווערסטע ארבעטן. די איינגעפּאַקטע קעסטלעך צוגעפירט מיט האַנט־וועגעלעך ביז צו דער באַן־ליניע, וועלכע האָבן זיך געצויגן אונטערן רוקן פונים רעסאָרט (פאבריק, בית־מלאכה) מיר האָבן געשלאָסן פריינטשאַפט מיט זיי. טייערע, גוטע בחורים! וואס זיי האָבן געהאַט פון עסן האָבן זיי זיך געטיילט מיט אונדז, זיי האָבן זיך געקענט פריי באַוועגן סיי אין דער פאבריק, סיי אין דער גאַס. זיי האָבן אונדז געבראַכט: צוקער, ברויט, עפּל, געטריקענטע פלוימען, די זאכן האָבן זיי אונטערגעלייגט אז דער לייטער זאָל נישט באמערקן; ווייל רעדן מיט אונדז איז זיי געווען געשטערט. לעכערלעך האָט אויסגעזעען. ווען אַ פראַנצויז האָט געאַרבעט ביי דער זעלבער מאשין, האָט ער נישט געטאָרט עפענען זיין מויל. אָבער זיי האָבן נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט. זיי האָבן זיך גאַנץ פריינדלעך אויסגעשמועסט און איבערגעגעבן די לעצטע נייעס פון טאָג. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די „אלירטע" זענען שוין נאָנט ביי בערלין, אז די גאַנצע מלחמה קען אָנהאַלטן נישט מער ווי אַ פּאָר חדשים בסך־הכּל. די אלירטע (פאראייניקטע כּוחות פון אמעריקע, ענגלאַנד, רוסלאנד) שטויסן, און גייען מיט אַ גרויסע קראַפט. אַ פּאָר חדשים ווי מ'שלאָגט זיך שוין אויף דער ערד פון דייטשלאנד...

מיר באקומען 10 דעקא ברויט און איין זופּ אַ טאָג. מיר ארבעטן זער שווער. מ'יאָגט פון אונדז ארויס די נשמה. זייט אַ קורצע צייט גייען שוין נישט אָפּ קיין באַנען קיין בערלין. מיליטער מיט גרויסע לאַסט־אויטאָס קומען און נעמען צו די קעסטלעך. אַ גוטער סימן אַז מיר דער־נענטערן זיך אַלץ נענטער, און נענטער צו זייער סוף.

אויף נאכט־שיכטע ארבעטן מיר פון 6 פארנאכט ביז 6 אין דער פרי. דאָס ברויט באקומען מיר ביי נאכט. דעם גאנצן טאָג שלאָפן מיר און דאס איז נאָך ווייניק, ווייל מען איז פארשוואכט. די אויגן זענען שוין צוגעווינט צו דער נאַכט, צו די פינצטערקייט. ווען מ'גייט אין דער

פאבריק אריין איז נאָך פינצטער, און ווען מיר גייען אין לאַגער אריין, איז אויך שוין פינצטער.

ס׳האָט אָנגעהויבן שנייען. ס׳ווערט וואָס אַמאָל קעלטער, און מיר גייען אלץ באָרוועס, די שיך פון אוישוויץ האָבן זיך שוין לאנג צעריסן און אנדערע באַקומט מען נישט. ביז יעצט האָבן מיר גענומען אין פאבריק פאפיר און ארומגעבונדן די פיס. דאָס האָט געוואַרעמט. האָט זיך דער מייסטער דערפון דערוווסט און שטערט צו נעמען פאפיר צו דעם צוועק. אָבער ווי געזאָגט קוקן מיר נישט אויף אים. מ׳בינדט ארום נישט נאָר די פיס נאָר אויך דעם גוף און דאָס וואַרעמט, אַ מחייה... זענען אָדער דאָ עלטערע פרויען וואָס דאָס מינדעסטע קליינעניקייט, צי די קעלט צי דאָס נישט דערעסן, ווירקט באלד אויף זיי און ס׳שטעלט זייער לעבן אין סכנה.

פאולה די יידיש־טשעכישע פרוי האָט באַקומען אַ רויז אויף ביידע פיס, לינגען־אנצינדונגען איז דאָ א סך. פיל שפייען שוין מיט בלוט. גופים זענען באַדעקט מיט אָפענע ראנעס, און ראָפּע רינט. פיל האָבן הויכן פיבער און זיי האָבן מורא צו זאָגן, ווייל די שטאַרק קראַנקע, די האָפנונגס־לאָזע, ליגן אויף שטרוי אין אַ באזונדערן באַראַק, אפילו אָן אַ דעק. זיי באַקומען איין מאָל אין טאָג עסן. קיינער וואַשט זיי נישט, קיינער צעקעמט זיי נישט די שיטערע פארפלאָנטערטע האָר. אַ דונק ווי פון אַ אָפענעם קבר שפּאַרט פון יענע טיר. צו זיי טאָר מען זיך נישט צורירן. אַ פּאָר זענען שוין נישטאָ ביים לעבן, אויסגעצאַנקט... סימה, דאס אונגארישע מיידל נייט פאר זיי טויטן־קליידער און פירט זיי אָפּ אויפן דייטשן „גוטן־אָרט״. זיי באַקומען אַ קרקע נאָנט ביים טויער... אַ פיינליכער אומעט פרעסט אונדזערע הערצער, מיר קענען גאָרנישט העלפן. ווי צו אונדזערע אויגן וואָס מיר זעען דאס. און נאָך מער טוט וויי דאס האַרץ, אז מוויסט, אז די פינצטערע מלחמה איז שוין צום סוף. זייער לעבן איז געוואָרן פארשניטן ביים שוועל פון דערלייזונג.... אונדזער אויסזעען איז נישט פיל בעסער פון יענע, נאָר מיר האלטן זיך. דער רצון איז אזוי שטאַרק, אז גאָרנישט

קען אים איינברעכן. מיר ווילן לעבן און מיר מוזן לעבן... און ס׳איז אַ גרויסער נס. ווי אזוי האלטן מיר אויס, פון וואס האלטן מיר זיך? ווי אזוי גייען מיר נאך אויף אונדזערע פיס?

אַ געדיכטע, שווערע גראָקייט ליגט אויסגעשפרייט אויפן פאַבריקס־הויף. אויפן בוים באַמבלט זיך אַן אָפּגעשטאָרבענער בלאַט, אונדזער אויסזעען איז ענלעך צו אים. אויפן הויף ווארטן מיר אויפן „אַפּעל״. מיר שטעלן זיך ווייטער אין דער ריי. די פיס זענען שוין ביי אונדז אלעמען ווי די קלעצער געשוואָלן. אויך די פראנצויזן זענען קראנק. זיי באקומען נישט אזא גוט עסן ווי אַ מאָל, זיי קענען שוין אונדז נישט שטיצן. אונדזערע קערפּערס זענען אויסגעמאַטערט און שווארץ. די פיס קענען שוין זיי נישט דערטראָגן...

פיר אין דער ריי גייען מיר ווי פארמשפּט׳ע פון א יענער־וועלט... וויי איז אונדז! וויי איז אונדז! די קעפּ זינקען צווישן די אקסל, די אויגן איינגעגראָבן אין דער ערד... די לאַנג־צעקנאָדערטע קיטלען, די „פּאַסיאַ־קעס״, שלעפּן זיך נאָך, די פיס פאַרוויקלט אין פּאפּיר. אויפן קאָפּ אַ צעדריוולטער אָפּשניט פון אַ זאַק, אין הילוך זעען מיר אויס ווי פאר־שאָלטענע, פון גיהנום... וויי איז אונדז! וויי איז אונדז...

אין לאַגער און אין די בלאָקן איז פינצטער, קאַלט און גליטשיק. די פּאָדלאָגע אין דעם באַראַק איז פארשנייט און גליטשיק פון דעם וואסער וואס רינט אריין דורך דעם דאַך און פון שניי וואס פאַלט אריין דורך די אָפענע שפּאַרונעס. דאָס געלעגער, דאָס שטרוי איז נאַס און פארשטאַרט. ס׳איז נישטאָ מיט וואָס צו הייצן. מידע נאָך אַ נאַכט ארבעט פאַלט מען אויפן געלעגער ווי ס׳זאָל נישט זיין. און דאָס גאנצע ביטערקייט פון אונדזער גורל, אונדזער יידישן גורל, וויינען מיר אריין אין דעם בינטל שטרוי, אין דעם פאַרפוילטן און נאַסן שטרוי. וויי איז אונדז! וויי איז אונדז! ליכטיקע, ווארימע, אַמאָליקע היים אונדזערע! מיר בענקען אזוי נאָך דיר! דיך האָט מען צעשטערט ווי קינדער צעשטערן אַ פייגל־נעסט, און אונדז האָט מען פאַרשלעפּט ווי מען פארשלעפּט קעץ אין אַ זאַק צו

דערטרונקען זיי אין אַ טייך... וואַרימע היים, ליכטיקע היים! אונדזער נשמה גייט פון בענקשאַפט אויס נאָך דיר, און דאָס האַרץ יאָמערט, ווען מיר דערמאָנען זיך אין דיר...

די קיך איז נאָנט צו אונדזער צריף, אַ גאַנצע נאַכט זוכט מען אין די מיסט־קאַסטנס. דער קאַסטן איז זייער אַ גרויסער, דאָרט קריכן אריין אַ פּאָר העפטלינגען מיט אַמאָל, צוויי בלייבן שטענדיק אויף דער וואַך. דאָס אויסזוכן אין קאַסטן עסן, הייסט „ארגאניזירן עסן". שטענדיק טרעפט מען דאָרט עפּעס: קאַרטאָפל־שאָלן, מייערן־שאָלן, בלעטער פון באָרקעס, אָפּפאַל פון ציבל, פון קרויט און יארמושקע. די העפטלינגען וואַשן דאָס ריין אין וואַש־רוים, און דאָס עסן זיי אויף רוי מיט די פּאָרציע ברויט וואָס מען באַקומט. די שיילערינס פון גרינצייג טראָגן אמאָל ארויס אַ פּאָר קאַרטאָפלעס, דאָס איז אַ גרויס געווינס. די קאַרטאָפל עסן זיך אזוי געשמאַק, ווי אמאָל אין דער היים פרישע עפּל, ערשט געריסענע פון בוים...

צוויי העפטלינגען האָט מען היינט געכאַפּט אין מיסט־קאַסטן, דער לאַגער־פירער האָט זיי אויפגעהויבן ביי די האָר, דריי מאָל: האָפּ! האָפּ! האָפּ! זיי האָבן באַקומען צו 20 שמיץ און אָפּגעשוירן די האָר...

געניע און רוזשע האָבן געהאַט דינסט אויפן הויף אויסיצוקערן און פאַרגראַבליען די ערד, און אויסרייניקן די שטייגלעך פון די קראָליקעס. די יונגע מערעלעך וואָס די קראָליקעס האָבן באַקומען צו עסן, האָבן זיי ארויסגענומען און מ'האָט זיי געכאַפּט ביי דער ארבעט. ביידע האָט מען אָפּגעשוירן די האָר, אָנגעטאָן בלעכלעך אויף דעם ברוסט־קאַסטן מיטן אויפשריפט: איך בין דיעבע!... דריי טעג זענען זיי אזוי געשטאַנען אומבאַוועגלעך ביים ארויסגאַנג פון טויער, אלע זאָלן זעען, זעען און וויסן, אז מען טאָרנישט דיעבן (גנב'ענען). עסן האָבן זיי יאָ באַקומען.

היינט זענען געקומען אין לאַגער אריין פויערשע פורן פול געפּאַקט מיט קאַרטאָפל. אין לאַגערהויף האָט מען געמאַכט 5 קאָפּצעס (איינגעגראָבן אין די ערד און פאַרדעקט מיט שטרוי און מיט ערד, זיי זאָלן נישט

פארפרוירן ווערן, און זיי זאָלן סטייען אויף ווינטער). געווען איז פונקט אַ זונטיק טאָג, ווען די אלע צוררים ליגן אין די שטיבער און שיכור׳ן מיט די שיקסעס. איז געווען אַ מחיה. מ׳האָט געגעסן וויפיל מ׳האָט געקענט און געבראָטן וויפיל מ׳האָט געוואָלט, און באהאלטן אונטער דעם באַלקן צווישן דאַך, מ׳זאָל האָבן אין טעג פון נויט.

דער קעכער האַנס, אַ גראָב אַלט חזיר, אויסגעפרעסן ווי דריי ווילדע חזירים צוזאַמען, קוים וואָס ער שלעפט דעם פויקן־בויך, האָט שטאַרק ליב די מלאכה פון שלאָגן. נאָך ווי קען ער שלאָגן! ער טראָגט מיט זיך שטענדיק דעם לעדערנעם קיינטשיק ווי אַ געטרייען חבר, מיט וועלכן ער קען זיך נישט שיידן... אויך האָט ער אַ ווילדע תאוה אויפצוהויבן די קליידער און שלאָגן אין פעטן חלק אריין. ביי די העפטלינגען איז שוין דער חלק גאָרנישט פעט, הויט און ביין. ווען ער טרעפט אויפן וועג צי יאָ שולדיק, צי נישט שולדיק, כאפט ער פאַרן קארק, הויבט אויף דאס קלייד און שמייסט ביז בלוט. ווען ער דערזעט בלוט ווערט ער רואיקער. זיין תאוה ווערט געשטילט, לאָזט אָפּ דעם קרבן און גייט אין קיך אריין קאָמאנדעווען...

מיט מיר איז וואס אַמאָל ערגער. מיינע פיס זענען שטאַרק פארשוואָלן, נישט צום שטיין און נישט צום גיין. אין דער פרי. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן קוים דעמערן בין איך אריין אין קעמערל, אויסזוכן אַ פאפיר ארומצוּוויקלען מיר די פיס. האָט מיך דער לאַגער־פירער, דער מערדער, געטראָפן. ער האָט מיך אנידערגעוואָרפן אויף דער ערד, מיט די שטיוול ארויף אויף מיין קאָפּ, און ער האָט געטרעטן מיין קאָפּ, מיין גוף. בלוט האָט אַ שפּראָץ געטאָן פון מיין מויל און פון דער נאָז. פלוצים האָט ער געהערט אַ פייף. האָט ער מיך אָפּגעלאָזט און ארויס, דער פייף איז געווען דער נס. יעדע שעה לעבן מיר אַ דאנק אַ נס, גרויסע נסים געשעט מיט אונדז יעדע רגע. האָט דער קאָמענדאנט שוין אויך געזאָגט אז גאָט אליין שטעלט זיך איין פאר אונדז און שיצט אונדז. דאָס איז געווען נאָך א באָמבארדירונג, ווי די באַן־ליניע איז געוואָרן אויפגעריסן נישט ווייט פון אונדז, און

אונדז האָט ברוך השם גאָרנישט געשאַדט. איך בין אריין אין דער וואַש־שטובע, כ׳האָב גענומען טרינקען גאַנצע שטראָמען וואסער פון קראַן, אָפּגעוואַשן מיין פנים און אריין אין באַראַק. פון מאָל צו מאָל בין איך געוואָרן מער געשוואָלן. אַ פּאָר מאָל בין איך שוין געפאַלן אין גאַנג. מיין פּראָדוקציע איז געפאַלן, איך בין נישט פעיק געווען צו זיצן אפילו ביים מאַשין.

איינמאָל אין דער פרי זענען געקומען דריי ס.ס. מענער מיטן קאָמענדאַנט. זיי פרעגן מיך פאַר וואָס איך סאַבאָטיר? איך זאָג זיי, דאָס איך בין קראַנק און זיי קענען טאָן מיט מיר וואָס זיי ווילן. דער קאָמענדאַנט הייסט מיך אַרויספירן צו שיסן. זיי האָבן מיך אויפגעהויבן ביי די האָר, געשלאָגן טויטע־קלעפּ מיין אָרימען צעווייטיקטן קאָפּ. זיי האָבן מיך נישט אַרויס־געפירט און נישט געשאָסן...

איך האָב באַקומען גרויסן פיבער. דריי טעג אַרבעט איך שוין נישט. אָבער אין דער פאַבריק אַריין גיי איך יאָ. איך ליג אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ זייט פאַרשטעלט מיט אַ קאַסטן. מיין גוף ברענט. קיין וואַסער טאָר איך נישט בעטן.

נאָך דער אַרבעט האָבן מיך צוויי העפטלינגען אויפגעהויבן, אונטער־געהאַלטן און אַזוי האָבן זיי מיך אַהיימגעפירט אין באַראַק אַריין. איך בין איינגעשלאָפן, נישט געדענקט אפילו ווי איך געפון מיך. מיך חלומ׳ט ווי מיין ליכטיקער פאָטער ז״ל נעמט מיך אויף זיין שויס, ער ווייזט מיר דעם הימל און הייסט מיך קוקן אויף אים. „זע מיין קינד״ — זאָגט ער — „דער הימל איז שוואַרץ ווי דאָס יידישע האַרץ״. ער ווייזט אָן אויף מזרח־זייט ווי ס׳גייט אויף אַ בלויער וואָלקן און צעטרייבט די פינצטערניש. „אַ זון וועט אַרויס״ — זאָגט מיין פאָטער — „אַן אויסלייזונג וועט קומען, די הילף איז נישט ווייט! — האַלט דיך מיין קינד! האַלט דיך מיט דעם לעצטן ביסל כוח וואָס ס׳איז אין דיר, און דער בורא־עולם וועט דיר צוהעלפן. צו פריילינג וועט איר אַלע שוין זיין פריי. צו מזרח, מיין קינד, צו מזרח, ווענד דיינע אויגן!״

א ניגון האָט זיך געלאָזט הערן. און מוזיק האָט געשפילט אזוי וווּנדער־באַר, אזוי וווּנדערבאר... איך האָב מיך צעוויינט און באַהאַלטן מיין קאָפּ אין מיין פאָטערס אָרעם. איך האָב געפילט זיינע פאַלענדע טרערן אויף מיין קאָפּ, — „האַלט דיך מיין קינד! די הילף איז נאָנט!"

פלוצים האָט אימעץ אויסגערופן פון אונטער זיינע פלייצעס: גענוג! — — — און ער איז פארשווּנדן. אין דער פרי האָב איך קיין פיבער נישט געהאַט, איך בין אַראָפּ פון בעט און בין געגאנגען צו דער ארבעט...

סימחה און חייטשע האָבן צוגעגרייט אַ חנוכה־אָוונט. פון אמבולאטאָריום האָבן זיי געבראַכט אַ שטיקל וואַטע, און פון קיך אַ ביסעלע אייל און א שוועבעלע. אַ דאנק דעם וואָס אין קיך אַרבעטן בלויז אונגארישע פרויען. טיר און פענצטער פאַרהאָנגען. גיזי די פרומע האָט געבענטשט איבער די חנוכה־ליכטלעך. אלע האָבן זיך צעזונגען אויפן קול: חנוכה, חנוכה אַ יום־טוב! אַ פריילעכער, א לוסטיקער, אַ פריילעכער! יטקע, דער אויפ־גייענדיקער שטערן פון דיכטונג, האָט דעקלאַמירט. אַ גרויסע האָפענונג האָט ארומגענומען אלעמען אז מיר וועלן בלייבן לעבן, צו קענען דערציילן די וועלט וואָס מיט אונדז האָט אלץ געשעען, און דאָך וועט אימעץ בלייבן לעבן, און אויף אים ליגט דער חוב, דער הייליקער חוב צו דערציילן...

פלוצים הערן מיר אַן אָנפלי פון אייזערנע פייגל. מיר זענען ארויס אין דרויסן. אַ האַרטער פארגליווערטער שניי האָט צוגעדעקט די ערד, ריזיקע קנאַלן האָבן זיך געהערט, זיי האָבן געמאַכט אלץ אויפציטערן און פאר־וואַנדלט די ערד און די הייזלעך אין אַ שדים־טאַנץ. די ערד מיט די הייזלעך האָבן זיך געהויבן אַראָפּ, ארויף, ארויף, אראָפּ. איינע האָט זיך געהאַלטן אין די צווייטע און געשריגן: שמע ישראל! מיר האָבן נאָר געהערט שמע! שמע! שמע! — — —

מיט אַמאָל איז געוואָרן שטיל, ווי אלץ וואָלט אויפגעהערט צו לעבן. שטיל, ווי אויף אַ בית־הקברות. צו־מאָרגנס זענען מיר שוין צו דער ארבעט נישט געגאַנגען. צוויי פליגל פון האלע פ׳ זענען אינגאנצן צעשעדיקט און די דערבייאיקע באַן־רעלסן צעדרייט.ביימער אויסגעריסן מיט זייערע

וואָרצלען, און הייזער חרוב׳ע. בלויז חורבן. דער גאָט פון נקמה האָט געטאָן זיינס, די דייטשע פארשאָלטענע ערד האָט אָנגעהויבן באקומען איר באלוינונג פאר אירע מערדער זינד. און דאָס איז נאָך נישט דער סוף. מען האָט אונדז גענומען צו פאַרשיטן די גריבער. די גריבער זענען געווען זער טיף; אַ גאנצן טאָג האָבן מיר געארבעט און קיין איין גריב נישט פאַרשיט, ווייל זיי זענען געווען טיף 20—30 מעטער. דאָס זענען געווען פארזייטע פעלדער. אין די שפּאַלטן האָבן געקלעבט פייכטע קערנער, וואס האָבן גענומען אויפגיין...

אין די האלע ה׳ האָט מען נאָך געאַרבעט, אָבער איינמאָל, ווען די העפטלינגען האָבן פארלאָזט דעם זאַל, איז געקומען אן אָנפלי. פון דער הייך האָבן זיך געשיט אומקום און וויסטונג, און די גאנצע האלע ה׳ איז פארניכטעט געוואָרן. פון אלעם איז געוואָרן אש און שטויב. אונדז האָט חלילה נישט געשאַדט... בעשיינפערלעך האָט יעדער געזעען די האַנט פון דער השגחה העליונה, די וואס האָבן געהאָט אַ שוואכע אמונה, זענען געוואָרן פרום, ווייל די נסים האָט יעדער געזעען ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר... דער אַלטער קאָמענדאנט האָט אויך געזעען די נסים און ער האָט געזאָגט: אויער גאָט היטע אויך! ער האָט מורא געקריגן פארן יידישן גאָט. אלץ, אלץ ארום איז געוואָרן צעשעדיקט: די פאבריק, די רעלסן, דער שפייכלער, די קיך, די וואסער־רערן, די מאגאזינען. חורבות און חורבות ליגן ביי אונדזערע פיס. די קאַנאָנען האָבן נישט קיין שליטה איבער אונדז. יעצט פארשטייען מיר דעם גרויסן נס אין מדבר, ווען יידן זענען ארויס פון מצרים, נעפלען און וואָלקן האָבן זיי געשיצט און די שכינה איז געגאנגען מיט זיי, היינט אויך דאָס זעלבע נס. די השגחה היט אונדז. אלע קוילן מיידן אונדז אויס, קיין איין העפטלינג איז חלילה נישט פארוווּנדעט. מיר באקומען ווייניקער עסן, דאס מאַכט אונדז נישט שוואַך. שטאַרק איז אונדזער ווילן און אונדזער גלויבן, אז מיר וועלן מיט גאָטס הילף בלייבן לעבן... אבינו שבשמים! היט דיינע קינדער, היט דאס רעשטל פון אומקום. מיר וועלן טראָגן דיין נאָמען אין דער וועלט, און

דערציילן די ווונדער וואָס צו אונדז איז געשעען. ארום און ארום איז טויט און אומקום — אונדז שאַט נישט דאָס אלץ.

פאר דעם לעצטן באָמבארדירן זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די באַן־רעלסן ביי די פאבריק וואגאָנען מיט כלאָר און סם־גאַזן. זיי האָבן געטראַכט אונדז צו פארטיליקן — אָבער רבות מחשבות בלב איש, ועצת ה׳, היא תקום! די רעלסן זענען געוואָרן צעדרייט, די וואַגאָנען צעשמעטערט, די פאבריק אָפגעווישט. דער חשמל איבערגעריסן, די וואַסער־רערן געשע־דיקט. דער יום־טוב פון פרייהייט דערנענטערט זיך, און מיר גרייטן זיך אויפצונעמען אים מיט אַ סך פרייד. מיר גייען אלץ פאַרשיטן די גריבער, און טראָגן 3 מעטערדיקע שטיינער צו פלאַסטערן די טראָטואַרן. דאָרט ווי מיר פארשיטן די גריבער זענען דאָ שפייכלער פאר פערד, גאנצע זעק מיט געטריקנטע באָרקעס, דאָס איז אויך נישט געוואָרן באָמבאַרדירט אין אונדזער זכות, מיר האָבן זיך פון דעם דערנערט. האָבן מיר אָפּגעבראָכן אַ ברעט און ארויסגענומען די געטריקנטע לאָקשן. גענומען וויפיל ס׳איז געגאַנגען און וויפיל ס׳האָט זיך געלאָזן. דאס באַהאַלטן מיר אויך אויף פסח, אום נישט צו עסן קיין חמץ...

מ׳מאַכט אן „אַפעל". מען פירט אונדז פארביי פאר דעם קאָנטראָלער־ביידל. דעם ראפאָרט נעמט אָפּ דער אָנפירער פון קראקאווער געטאָ. ער איז אהערגעקומען אויף בעראַטונג מיט וואָסערע מיטל אונדז צו ליקווידירן. ער פרעגט הויך דעם קאָמענדאנט: „וואס מאַכט מען מיט דיזע שייסע?!" אונדז האָט מען צעטריבן אין די באַראַקן. וואָס זיי האָבן פארטראַכט האָט האַנס דער שטאָרם־פירער דער מערדער, אויסגעזאָגט דעם סוד, ווען ער איז געווען בגילופין: זיי וועלן אונדז טרייבן אין וועג אריין און פון אויבן אַראָפּקנאַלן קוילן און אזוי ארום אויסענדיקן „די שייסע"...

צומאָרגנס נאָך דעם וויזיט פון קראקאווער רוצח, האָבן מיר נישט געטאָרט ארויסגיין פון די באַראַקן. צווישן אלע ס.ס. שומרים און באדינער פון לאגער איז געוואָרן אַ גרויסע סומאַטאָכע. די פירערשאַפט פאַקן די וואליזקעס און איילן זיך ווי דער טויט וואָלט זיי נאָכיאָגן און זיי ווילן

אים אויסמיידן. אָבער דאָס וועט זיי שוין נישט העלפן, ווייל ס׳איז זייער יום־הדין, בלוט מוז מען אויסקויפן מיט בלוט... אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ איז אריינגעפאָרן אין לאַגער־הויף, אויפגעלאַדעוועט גנבה און גזלה, רציחה און בלוט. אלע זענען ארוף און אוועק. ס׳האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה, הערן מיר אַן אָנפלי און טראַך!!! אַ שראַפּנעל איז אריין אין דעם אויטאָ פון אונדזערע פייניקער און געמאַכט פון זיי אַ תל. ווער אַן קאָפּ, ווער אַן הענט, ווער אָן פיס — — דאָס האָבן מיר געהערט און געזען, ווען מיר זענען אַוועק אַ פּאָר העפטלינגען ברענגען וואַסער פארן לאגער פון אַ טייך, אַ פּאָר קילאָמעטער ווייט גאנג. אויפן וועג איז אַ גרויס באַוועגונג און צעמישונג. געלאַדעוועטע וועגענער מיט זאַכן, מיט בעטגעוואַנט, מיט קינדער און זקנים. זאַכן פאלן אראָפּ פון די וועגענער און קיינער הייבט זיי נישט אויף. וואלגערן זיי זיך — טעפּ, קישנס, שטיוול, קליידער, ברעטער, עמערס, טשייניקעס... דאָס דערמאָנט אונדז דעם וועג ווען מען האָט אונדז געטריבן אין געטאָ אריין. אל נקמות! גיס אויס דיין צאָרן אויף די קעפּ פון אונדזערע שעדיקער! זאָלן זיי געבן דעם דין פאר דעם אומקום פון אונדזער פאָלק!!! אַ בייזער גרימצאָרן זאָלסטו, פאָטער אין הימל, אויסגיסן אויף זייערע קומענדיקע דורות. אזוי ווי קורח זאָלן זיי ווערן איינגעשלונגען אין די טיפענישן פון דער ערד, און זאָלסט אויסמעקן דעם זכר פון עמלק, כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים — — —

אויפן וועג טרעפן מיר צוויי מענער געקליידעטע מיליטעריש. זיי קומען אונדז אנטקעגן מיט „חזק ואמץ" און זיי זאָגן: שלום! שלום! נישט אלע האָבן פארשטאַנען זייער שפּראַך, איטקה, די ליבע קליינע איטקה, די חלוצקע זאָגט דעם טייטש. מיר גייען ווייטער, מיר טרעפן ווייטער אָן צוויי זעלנער מיט יידישע פנים׳ער, מיט יידישע טיפּע, ברוינע אויגן. שלום! באגריסן זיי אונדז און זאָגן ווייטער. אחינו בני עמנו. מיר פארשטייען אז דאס זענען געפאנגענע ווי מיר. נאָר זיי באוועגן זיך שוין

פריי, ווייל די הערשאַפט, די פאַרשאָלטענע איז שוין נישטאָ. אונדזער פרייד האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט. ווייטער האָבן מיר געטראָפן צוויי מענער, זיי האָבן אונדז געגעבן קעקסן, געטריקנטע פלוימען, שאָקאָלאַד און ווורשט. די געוועלבער אויף זאלצוועדל גאַס זענען געווען פאַרהאַקט. אַ פנים אז די זעלנער, אונדזערע ברודער, האָבן שוין געהאַט געמאַכט אַ בדיקה, און פון דאָרט אונדז געבראַכט די אלע גוטע זאַכן. יעדעס מאָל טרעפן מיר פאָרלעך יידישע קינדער, זיי שמייכלען צו אונדז אזוי הארציק, אזוי ליבלעך, און זאָגן אלץ: טוב, טוב!

ווען מיר זענען אהיימגעקומען מיטן וואַסער האָבן מיר שוין געוווּסט די בשורה. איינע פון אונדז האָט אויפגעהויבן אַ בריוועלע און דאָרט איז געווען געשריבן: האָט נישט קיין פחד! האַלט זיך! מיר זענען מיט אייך, חזק ואמץ!... דאָס בריוועלע האָט מען פאַרניכטעט. יעצט זעען מיר אז מיר זענען ארומגערינגלט מיט אַ שמירה פון די סאָלדאַטן... אין מרהקים שטייען זיי, איינער האָט אריינגערעדט אין פענצטער: שרעקט אייך נישט! מיר טרעטן נישט אָפּ...

מיר דאנקען דיר, אונדזער גאָט! האָסט אונדז אַ שוץ געגעבן. יידישע ברודער היטן אונדז, מען זאָל אונדז נישט טאָן קיין שלעכטס. אַ רגע פאַרן אויסלייז זאָלן זיי די דייטשן נישט נעמען די לעצטע נקמה. בענטשט זיי, אונדזער האַר! אַ ברכה אין זייערע קעפּ און אין זייערע ביינער, אונדזערע ברודער, יידישע זין, יידישע מענער...

אונטער די פענצטער היטן זיי אונדז און שיקן אונדז עסן.

נאָך דעם זעלבן אויף דער נאכט האָט דער קאָמענדאנט געלאָזט רופן אונדזער אַ העפטלינג וואָס איז געווען אַ „קאַפּו" אין לאגער און איר געזאָגט אָט וואָס: איך האָב באקומען אַ באַפעל אייך אלעמען אויסצורשיסן, נאר איך וויל דאָס נישט אויספירן. זאָג מיר צו, אז ווען די אמעריקאנער וועלן אריינקומען, זאָלן זיי מיר שענקען דאָס לעבן".

זי האָט אים צוגעזאָגט, און אזוי איז געווען. דריי טעג זענען שוין די

אמעריקאנער געווען אין דער סביבה און פון אונדזער לאַגער האָבן זיי נישט געוווּסט. ערשט שבת אין דער פרי האָט מען אונדז ארויסגערופן צום טויער, אויף אונדז האָט געוואַרט אַ מיליטער־מאַן. זיין גאַנץ אויסזעען זאָגט כבוד, הויך און שלאַנק, אַ שיינער קאָפּ מיט שווארצע לאָקן זיצט אויף זיינע אויסגעאיבטע אַקסלען. אויגן יידישע, פארחלום׳טע, זיי קוקן מיט ליבליכקייט און ווייכקייט, אַ פּנים פון אַ געלערנטן פון אַ יידן א חכם... „יידישע קינדער" — זאָגט ער אויף יידיש — „איר וועט באלד זיין פריי, מיליטער דארף אהערקומען און אייך איבערנעמען".

דער אַלטער קאָמענדאַנט איז די גאנצע צייט געווען מיט אונדז. ביז דער לעצטער מינוט איז ער געווען פאראנטוואָרטליך פאר אונדזער לעבן. ס׳איז אָנגעקומען אַ דז׳יפּ און אויף אים אַ פּולעמיאָט. פיר אַמעריקאַנער זענען אַראָפּ, אויפגעמאַכט דאָס טויער. מיר זענען ארויס אויף דער גאַס, צוגעפאַלן צו די זעלנערישע שטיוול און זיי געקושט — באפרייער! לאָזט אונדז נישט אליין! מיר ווילן זיין מיט אייך! נעמט אונדז מיט!

פיל דייטשן פון דער סביבה זענען זיך צעלאָפן און די אַמעריקאנער האָבן נאָכגעשאָסן. פיל הרוגים האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. דער קיכער און נאָך אַנטלאָפענע זענען געפאַלן אין רינשטאָק. „האָט נישט קיין פחד" — זאָגט דער ייד, דער עלטסטער מיליטערמאַן — „איר וועט זיין אונטערן אויפזיכט פון די אלירטע".

אלע באפרייטע, יידן און נישט יידן, פראנצויזן, איטאַליענער, יוגאָ־סלאַווער, זענען געגאנגען אין געשלאָסענע רייען און געזינגען. כן אחיה! האָבן מיר געהערט אויסרופן, כן אחיה! — עם ישראל חי! ווען ער האָט זיך מיט אונדז צעקושט האָט ער געזאָגט, דער מיליטערמאַן, אז ער איז אַ גענעראַל אין פראנצויזישן מיליטער.

צומאָרגנס איז געקומען דער „רויטער קרייץ", גענומען די שוואַכע און קראַנקע אין שפּיטאָל אריין. אונדז האָט מען איבערגעפירט אין די לוקסוס־ווילעס ווי ס׳האָט זיך אויפגעהאַלטן די קאָמענדאַנטור. דעם

גאנצן שטח, די מחנה מיט אלע באַראַקן האָט מען אונטערגעצונדן און פארברענט...

אַ פּאָר וואָכן האָבן זיך מיט אונדז מטפל געווען די יידישע פראַנצויזן. זיי האָבן געקאָכט עסן פאר אונדז, געוואַשן דאָס געשיר, געראומט די צימערן. אונדז האָבן זיי געהייסן רוען און קומען צו זיך...

# מיר גייען אויף...

טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט האָבן עראָפּלאַנען מיט אנגעהויערע קראַפט געריסן די לופט; שווערע באָמבאַרדירער האָבן אַראָפּגעלאָזט פארניכטונגס־געווער און ביים אויפרייסן האָט זיך געדאַכט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך איבערגעקערט; וואָס אויבן אויף אונטן, און וואָס אונטן אויף אויבן. אלץ אַרום איז געוואָרן פול מיט פייער, רויך און סאַדזע. די ערד האָט זיך געוואַקלט אונטער די פיס. קיין באַהעלטעניש איז נישט געווען וואהין צו אנטלויפן און ראַטעווען זיך פון אומפאר־מיידלעכן טויט... ווייל דער לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט עלעקטריזירטע דראָטן, ס'איז נישט געווען קיין אַרויסגאַנג און נישט קיין אַריינגאַנג.

— זאָל שוין קומען דער טויט — האָט צירעלע זיך געבעטן — און זאָל ער ענדיקן מיט אונדז. נישטאָ קיין כוח שוין צו ליידן!

— זיי נישט קיין שוטה — זאָגט צו איר פעסי — דער סוף אויף זייערע קעפּ! זי האָט זיך דערנענטערט צו צירעלען, איינגערוימט אין איר אויער: דער גאָט פון נקמה וואכט אויף! שוועסטער מיינע, דער טויט וועט אונדז נישט גרייכן, עם ישראל חי! — דאָס יידישע פאָלק לעבט!!

— פעסי איז אראָפּ פון זינען! — רעדן צווישן זיך די מיידלעך וועלכע זענען געשטאנען ארום איר. זייערע רייד זענען דערגאנגען צו פעסי'ס אויערן, פעסי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, זי האָט זיך איינגעשרומפּן טיף אין איר געביין אריין, און צו זיך אַליין געמורמלט: אני מאמין! אני מאמין! — איך גלויב אין אַ נס! ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך...

— דו ביסט קראַנק פּעסי! — זאָגט צו איר מירע — צו זעסטו נישט, צו הערסטו נישט וואָס טוט זיך אַרום אונדז? דיין קאָפּ איז אָנגעפּילט מיט נאַרישע חלומות!

מירל׳ה האָט זי גענומען פאַרן האַנט און איר דערציילט: ערשט נעכטן האָט געפּלאַצט דער בלאָטער, וועלכער האָט זיך פאַרזעצט אין מיין פוס. איך בין געגאַנגען זוכן אַ שמאַטע אָפּצווישן די ראָפּע. האָט האַנס דער צורר דאָס דערזעען, מיט איין שטויס האָט ער מיך אַנידער־געשליידערט אויף דער ערד און מיט זיינע זעלנערישע שטיוול געדרוקט און געטרעטן מיין קאָפּ און מיין גוף... ער האָט געשריגן: שוויין! איך וועל דיך היינט פאַרענדיקן! ווען ער איז אויף אַ ווילע אַרויס, האָב איך מיך אויף אַלע פיר אַרויפגעריטשט און בין אַוועק אין בית־כסא. דאָרט האָט טאָבע געטוישט מיט מיר אירע קליידער. מיין פּנים האָב איך פאַרשמירט מיט בלאָטע, ער זאָל מיך נישט דערקענען — די חיה אין דעם צלם פון א מענטש. יעצט פּעסי, ווי אַזוי קענסטו זאָגן, אז מיר וועלן זוכה זיין צום באפרייט ווערן?

— מיר וועלן זוכה זיין! זוכה זיין! — ענטפערט איר פּעסי, און האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צום הימל: אל נקמות יופיע! גאָט קומט נעמען אונדזער נקמה!...

די קאַלטע וועלט האָט אויסגעטאָן אירע ווינטערדיקע קליידער און אנגעטאָן אירע פרילינג־זעפיר נייע קליידער, וועלכע טראָגן אין זיך אַזוי פיל בשׂמים, ריחות און קדושה, באנאיונג און האָפנונג, ווי דאָס אויפ־גייענדיקע פעלד... פרויען האָבן פאַרלאָזט דעם לאנגן פינצטערן קאָרידאָר און ארויס אויף דער פרייער, פרילינג וועלט, אונטער דעם בלאָען הימל, אויך באַנייט צו ווערן.

פּלוצים האָט זיך דאָס אייזערנע טויער געעפנט און אַ לאַסט־אויטאָ איז אַריין אין לאַגער־הויף. פון אלע צימערן, וועלכע די ס. ס. קאַדרען האָבן פאַרנומען, האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אַלע לאגער־אויפזעער מיט

רענצלעך אין די הענט און אין איילעניש אַרויפגעלאַדעוועט אויפן וואָגן. שפעטער זענען זיי אויך אַרויפגעשפּרונגען אויפן לאַסט־אויטאָ וועלכער איז אַרויס פון הויף מיט איילעניש. דאָס טויער האָט זיך צוריק פאַרמאַכט און מיר זענען אַלע געבליבן אויף אונדזער יידישן גורל... אין לאַגער איז געבליבן די אויפזעערן עלזאַ.

עס האָט זיך דערהערט אַ פייף־וואָרעניש פאַר אנפלי פון עסקאַדרען־ אעראָפּלאַנען. מיר אַלע זענען צוריק אַריין אין קאָרידאָר. עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס. די ערד אויף וועלכע מיר זענען געשטאַנען האָט אָנגעהויבן צו זינקען. שוואַרצע סאַדזע און רויטע־צונגען פייער האָבן געשפיגן צעצונדענע פלאַמען, און אין דער לופט האָבן זיך גיהויבן שטיקער פון מאשינען, שינעס און שטיקער פון צעשעדיקטע הייזער, וואסער־רערן און טיילן פון עלעקטרישע באַלייכטונג.

אַן אויפרייס! אַן אויפרייס אין אמוניציע־פאַבריק! — האָט געשריגן דער דייטשער קוכער.

דער אויפרייס האָט צעשטערט די עלעקטרישע באַלייכטונג אין די באַראַקן און די וואַסער־רערן צעשמעטערט, אָבער אַ גרויסע פרייד האָט געהערשט אין די יידישע הערצער.

פארנאכט־צו זענען מיר געגאנגען דריי קילאָמעטער וועג צום גרויסן טייך, שעפן וואַסער, ווייל אין לאַגער איז קיין וואסער נישט געווען. ווען מיר זענען אַרויס פון טויער האָבן שוין דאָרט געוואָרט יידישע זעלנער פון דער פראַנצויזישער ארמיי, באַגעגענט אונדז מיט א „שלום" און צוגעוואָרפן: ראָזשינקעס, ביסקוויטן, קיכעלעך, עפּל און וואָרשט. עלזאַ האָט אלץ געזען און געשוויגן. די אַלע גוטע זאכן האָבן מיר פאַנאַנדערגעטיילט צווישן זיך און געגאַנגען ווייטער דעם וועג, צום טייך שעפן וואסער. אַ באָרוועסע איז פעסי אריין אין וואַסער און אָנגעפילט אַן עמער נאָך אַן עמער. ווען אַלע עמערס זענען שוין געווען פול, זענען מיר צוריק געגאַנגען אין לאַגער אַריין. דעם גאנצן וועג זענען מיר געגאַנגען שטיל, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. נאָנט צום לאַגער איז

אונדז אנטקעגן געקומען א מיליטער־מאן; א יונגער, א הויכער מיט א הדרת־פנים און מיט א יידישן חן. ער האָט אונדז איינגעהאַלטן אין גאנג און מקבל־פנים געווען: חזקנה ואמצנה, יידישע, טייערע טעכטער!, די קרוין פון אונדזער פאָלק! אין צוויי טעג ארום וועט איר אַרויס פון געפענגעניש באפרייטע. מיר זענען דאָ פיל יידן, זעלנער פון דער פראַנ־צויזישע ארמיי. מיר זענען אויך געווען אין געפאנגענשאפט, אָבער מיר זענען שוין באפרייטע, מיר האָבן זיך שוין אליין באפרייט.

די ידיעה פון באפרייאונג האָט זיך שנעל פארשפרייט איבער גאנצן לאגער. געווען אזעלכע וואָס האָבן געגלויבט אין נאָנטן באפרייען; געווען אזעלכע, וועלכע האָבן נישט געגלויבט. דער געדאנק פון פריי זיין האָט זיך צעטראָגן ווי א לעגענדע. א מיידל האָט דערציילט, אז זי האָט געזען אליהו הנביא אין געשטאַלט פון א מיליטערמאן. געווען אזעלכע וועלכע האָבן געוווסט אז אונדזער לאגער איז ארומגערינגלט פון יידן, זיי היטן מען זאָל אונדז נישט פארניכטן די לעצטע מינוט. שבת אין דער פרי האָט זיך האסטיק אויפגעפראלט דאָס אייזערנע טויער. אמעריקאנער פוסגייער בראש מיט דעם יידישן פראנצויזישן עלטסטן זענען אַריין אין לאַגער־הויף מיט פרייד און נצחון.

— איר זענט פריי! — האָט אונדזער ייד אויסגעשריגן.

מיר זענען אלע געוואָרן צעטומלט, געפאלן צו די פיס פון די באפרייער און לאנג, לאנג געקושט זייערע פארשטויבטע שטיוול פון וועג און געבעטן: פארלאָזט אונדז נישט מער! נעמט אונדז מיט אפילו צום פראָנט. מיר זענען נישט זיכער מיט אונדזער אָרעם לעבן, נעמט אונדז מיט...

אַלע זענען מיר אַרויס פון לאגער אויף דער גאַס. די וועגן זענען געווען פארנומען מיט טאנקן, הארמאטן און פולימיאָטן. מיר האָבן זיך אַדורכגעריסן צווישן זיי מקבל פנים זיין דאָס אמעריקאנער מיליטער וואָס האָט זיך געפונען אין מארק. פעסי איז געגאנגען פאָראויס. מיר האָבן געזונגען די „התקוה" און געשריגן הויך: עם ישראל חי! עם

ישראל חי!! דער יידישער גענעראל איז צו צו פעסי און געקושט איר קאָפּ: שוועסטער מיינע! טייערע יידישע שוועסטער! ער איז אריין אין אונדזערע רייען און געזונגען מיט אונדז: עם ישראל חי, חי!

צוויי טעג נאָך דער באפרייאונג האָט מען אונדז אריבער געפירט אין דירות, וועלכע זענען געשטאַנען אין א וואלד פון נאָדל־ביימער, אין צימערן גרויסע, פרייע, פריש־געקאַלעכטע. דער לאגער איז געוואָרן אונ־טערגעצונדן און אויסגעברענט, און מיר האָבן דאָס אַלץ געזען... די יידישע זעלנער האָבן אונדז איינגעאָרדנט, געבראַכט נייע שיך און קליידער און גוט עסן. זיי זענען געווען פאַר אונדז טייערע, ליבע, הארציקע פאָטערס און ברידער, גאָט זאָל זיי בענטשן מיט לאַנג לעבן און גוטע יאָרן, און מיט אונדז צוזאַמען זאָלן שוין געניסן פון א שטענדיקן שלום אויף דער וועלט און גליקלעך לעבן...

אויך אַ זאַל פאַר א בית־תפילה האָבן זיי צוגעגרייט פאַר די יידישע טעכטער צו שבועות, דעם ערשטן גרויסן יום־טוב צו אונדזער דער־לייזונג... דער טאָג שבועות איז געווען א הערליכער, א זוניגער, א בלויער פריילינג־טאָג. דער הימל א ווונדערבאַרע בלויע חופּה איבער אונדזערע קעפּ. די זון האָט צעשיקט גאָלדענע העלע שטראַלן ארום אונדז. זיי האָבן אונדז געגלעט מיט וואַרעמקייט און ווייכקייט ווי ליבע, הייליקע מאַמע־הענט... מיר זענען געגאַנגען „קדיש" זאָגן און דאַווענען, געבן א לויב דעם בורא־עולם פאַר דעם גרויסן חסד און נס וואָס ער האָט געטאָן צו אונדז, יידישע העפטלינגען. אונדז באַפרייט, געשענקט אונדז לעבן און המשך, נייע אויפגייענדיקע טעג פאַר יידישן קיום און צוריקקער אין דער אַלטער־אַלטער היים פון די אבות אין וועלכער מיר וועלן יעצט גייען אויף מזרח־צו...

פאַרן עמוד אין בית־התפילה האָט געדאַוונט א יונגער אַמעריקאַנער חזן. מיט „חג־שמח" ער איז ארויף אויף דער בינע; אין זיין האַנט א ספר־תורה, וועלכע מען האָט אקאָרשט ארויסגענומען פון א קעלער. ער האָט גערעדט צו אונדז מיט אן אייגנעהאַלטענעם געוויין און געזאָגט:

אויך די ספר־תורה צוגלייך אייך איז באפרייט געוואָרן היינט. מיר האָבן זי ארויסגענומען פון א קעלער, אַן איינגעוויקלטע אין אלטע שמאַטעס, א סימן אז די תורה און ישראל זענען איינס. ווען יידן זענען אין גלות און זיי ליידן, ליידט אויך די תורה; זי איז דאָס הארץ און נשמה פון אונדזער פאָלק. יעצט זענען ביידע פריי, אונדזער פאָלק און אונדזער תורה... מיט א זיסן, ווייכן ניגון האָט ער געליינט „אקדמות".

אכט־הונדערט יידישע טעכטער וועלכע זענען ארויס פון פינצטערניש צו ליכט, פון שקלאַפעריי צו פרייהייט, פון טויט צום לעבן, האָבן זוכה געווען צו הערן א יידישע תפילה בציבור, און הערן לייענען „תורת־אמת, תורת־חיים". נאָכן ענדיקן די תפילה האָבן מיר אלע געזאָגט „קדיש" מיטן חזן, א קדיש־יתום מיט א דערשטיקט געוויין און צעבראָכן הארץ... דער חזן האָט ווייטער זיך געוואָנדן צו אונדז און געזאָגט: האָט נישט קיין מורא, יידישע קינדער! א ניי לעבן וואַרט אייך! מיר וועלן דערלעבן צו דער פולער אויסלייזונג. מיר וועלן אויפגיין קיין ארץ־ישראל, צו בויען און אליין ווערן אויפגעבויט.

אלע זענען מיר אויפגעשטאַנען און דאָס זינגען פון „התקוה" האָט אויפגעציטערט די ווענט.

עוד לא אָבדה תקותנו,
התקוה הנושנה,
לשוב לארץ, ארץ־אבותינו,
עיר בה דוד חנה!

עס איז נישט אוועק קיין חודש און פיל פון די געראַטעוועטע, פון די לעצטע ברעקלעך פון גרויסן אומקום, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע היטלער־ערד, דעם פינצטערן גלות, די אָנגעזעטיקטע פעל־דער מיט יידיש בלוט, און אויפצוגיין קיין ארץ־ישראל.

זאלצוועדעל 1945.